# YIDDISH LITERATURE FOR BEGINNERS I

With a Programmed Workbook

DR. JEAN JOFEN

Chairman, Germanic & Slavic languages

Baruch College, CUNY

First Edition

New York 1974

# YIDDISH LITERATURE FOR BEGINNERS

With a Programmed Workbook

DR. JEAN JOFEN

Chairman, Germanic & Slavic Languages
Baruch College, CUNY

Additional Copies of this book may be obtained from:

Dr. Jean Jofen
1684 52nd Street
Brooklyn, N.Y. 11204

Other books by the author: YIDDISH FOR BEGINNERS
HEBREW FOR BEGINNERS

DEDICATION

This book is dedicated by family, friends and colleagues to the memory of

RABBI CHARLES FRIEDMAN ז"ל

Scholar, Talmudist and unforgettable friend

FOREWORD

The selections in this book are given in the original. They are abbreviated but no words are changed so that the student feels the flavor of the style of each author.

A short paragraph in English is appended for each author and many of the selections are explained.

Grammatical material contained in each selection is analyzed and reviewed. The grammar is thus an integral part of the reading selection.

The Hebrew components of each selection are drilled in the Review Grammar.

Idiomatic Expressions are explained and their origin discussed. Some attention is given to the etymology of words.

Exercises based on the reading selection are appended to each lesson. These exercises contain questions of a psychological nature and try to give the student an understanding of the psychological and religious undercurrents in each selection.

Each lesson ends with a song. Some of these songs are Folksongs, others are based on holidays.

The spelling follows the rules of standard Yiddish orthography promulgated in 1936 by the Yiddish Scientific Institute (YIVO).

The book contains selections of the novel דאָס קליינע מענטשעלע and the play די טאַקסע by מענדעלע.

It presents two short stories דער זייגער and עוֹלָם הַבָּא by שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם. These stories show his childhood problems caused by the death of his mother early in life. It also contains a selection of his famous stories about "Tevye the Dairyman" טבֿיה דער מילכיגער who is none other than שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם himself.

The selections by פּרץ stress his mystical leanings, his attitude toward KHASIDIM, חסידים, towards women and reveal his socialist views.

The Programmed Workbook is designed to offer the student additional drill material.

## LESSON I

"DOS KLEYNE MENTSHELE" is the first story which Sholom Yakov Abramowich wrote in Yiddish. It is also the first story published under his pseudonym: MENDELE MOYKHER SFORIM.

It was published in KOL MEVASER, a Yiddish supplement to the Hebrew Journal HAMEYLITS. The publisher of both Journals was Alexander Zederbaum. The story appeared in serial form from 1863-1864. Before that time, Sholom Yakov Abramowich published only in Hebrew since the writers of that time looked down on Yiddish as an inferior language. But since only the scholarly and learned people spoke Hebrew, and many of these scholars looked ascance at secular writing, the market for Hebrew books was very limited. This factor as well as the desire to attract a much larger reading public forced Abramowich, as well as other Hebrew writers of that time, to write Yiddish.

Abramowich attacked the Jewish establishment in this story; he therefore used a pseudonym for the story. He sent it to the Journal under the name "SENDERL MOYKHER SFORIM." "Moykher Sforim" means "book seller." Abramowich knew a bookseller whose name was "SENDERL." "SENDERL" is the diminutive form of the name "Alexander." 9cf. AlekSenderl) He sent the manuscript of "DOS KLEYNE MENTSHELE" to the publisher under the name "SENDERL MOYKHER SFORIM." Alexander Zederbaum, the publisher, was afraid that people might think he wrote the story under this pseudonym and changed the name SENDERL to "MENDELE." Eventually "Mendele" got back at him. In his novel "BENJAMIN THE THIRD," he has a weak, effeminate character called "Senderl" who portrays Alexander Zederbaum. In this novel, Benjamin travels into lands where they do not understand his language. He speaks Yiddish but his demand for justice is so eloquent that even the people who do not understand a word of Yiddish understand the justice of his cause.

Yiddish literature did not begin with Mendele. From its beginning, Yiddish literature was based mainly on the Bible and Talmudic legends. An example of this is the "MA'ASE BUKH" which appeared in 1596. The "SHMUEL BUKH" appeared in Augsburg, Germany in 1544. Literature of a more secular nature appeared in Italy. The most famous is "DOS BOBE BUKH." It was written by Elijah Bakhur Levita and published in Italy in 1541. It is based on the romances of the Italian "Bove d'Antona" but Levita judaized his characters and eliminated some of the erotic elements of the Italian original.

## דאָס קלײנע מענטשעלע

### פֿון מענדעלע מוֹכֵר סְפָרִים

שטעלט אײַך פֿאָר מענדעלע מוֹכֵר סְפָרִים, מיך אַלײן, װי איך שטײ אין האַרבסט(צײַט) מיט מײַן בײַדל אויף אַ װעג. אֶפְשָׁר װעט איר מײנען אַז מײַן בײַדל האָט זיך אײַנגעזונקען אין בלאָטע? נײן! אין דרויסן איז געװען גאָר זומער. בײמער האָבן אויף זיך גע-האַט אַ געל גרין העמדל. אֶפְשָׁר װעט איר מײנען אַז איך בין גע-שטאַנען מיט מײַן בײַדל װײַל איך האָב נישט געװוּסט דעם װעג? נאָך אַ מאָל נײן! איך האָב געװוּסט אַז רעכטס איז דער װעג קײן גלופּסק און לינקס איז אַן אַנדער שטעטל.

טראַכטנדיק האָב איך מיך פֿאַרקוקט אויף מײַן פֿערדל און איך האָב באַשלאָסן איבערצוגעבן די גאַנצע זאַך דעם פֿערדל, װי ער װעט װעלן, אַזוי זאָל זײַן. לאַכט נישט, לאַכט נישט! איך האָב דאָס פֿערדל געלאָזט גײן פֿרײַ. דאָס פֿערדל האָט זיך גענומען רעכטס קײן גלופּסק. אויף מאָרגן פֿרי בין איך אָנגעקומען קײן גלופּסק.

איך האָב אויסגעשפּאַנט מײַן פֿערדל און אויסגעפּאַקט דאָס בײַדל...איז דער שַמָש געקומען צו לויפֿן: רֶבּ׳ מענדעלע, רֶבּ׳ מענדעלע, דער רָבֿ האָט אײַך געלאָזט בעטן, גיכער, גיכער רֶבּ׳ מענדעלע.

װאָס באַדאַרף מיך דער רָבֿ? און צו װאָס האָט ער נאָך מיר געשיקט דעם שַמָש? װי איך האָב נאָר געעפֿנט די טיר איז מיר דער רָבֿ געלאָפֿן אַנטקעגן: רֶבּ׳ מענדעלע, שָלוֹם עֲלֵיכֶם רֶבּ׳ מענדעלע. איר זענט געקומען פּונקט װען איר זענט אונדז נײטיק רֶבּ׳ מענ-דעלע. רֶבּ׳ מענדעלע איר האָט געטאָן אַ חָכְמָה װאָס איר זענט אַצינד גראָד אָנגעקומען. - די חָכְמָה האָט געטאָן מײַן פֿערדל, - האָב איך צו מיר געלאַכט.

דער רֶבִּי האָט מיך געבעטן זיצן אויף אַ בענקל און דאָס בענקל האָט געהאַט אַ צעבראָכענעם פֿיסל. דערנאָך נעמט דער רֶבִּי פֿון דער קעשענע אַ פּעקל פּאַפּירן און זאָגט צו מיר: דאָס פּעקל פּאַפּירן האָט מיר געגעבן רֶבּ׳ יִצְחָק אַבְרָהָם, אַז נאָך זײַן טויט זאָל איך עס איבער-לײענען פֿאַר אַלע נְגִידִים. איך גיב אײַך לײענען פֿאַר זיך אין דער הײם די פּאַפּירן װאָס איך האָב געלײענט פֿאַר די נְגִידִים.

(To be continued)

VOCABULARY: (The pronunciation of Hebrew words will be indicated in parenthesis)

| | |
|---|---|
| unhitched | אויסגעשפּאַנט |
| unpacked | אויסגעפּאַקט |
| he came running | ער איז געקומען צו לויפֿן |
| Sexton (SHAMES) | (דער) שמש |
| Mister (REB) | רב |
| Rabbi (REBE)** | (דער) רבי |
| ~~has sent for you~~ he asked that you do something | האָט אײַך געלאָזט בעטן |
| quickly | גיכער |
| need | באַדאַרפֿן |
| for what | צו וואָס |
| send | שיקן |
| to open | עפֿענען |
| I opened | איך האָב געעפֿנט |
| door | (די) טיר |
| he ran | ער איז געלאָפֿן |
| to run | לויפֿן |
| Glupsk (town in Russia) Fictitious | גלופּסק |
| (to the) left | לינקס |
| an other | אַן אַנדער |
| Hamlet, little town | (דאָס) שטעטל |
| thinking | טראַכטענדיק |
| looked at | פֿאַרקוקט |
| little horse | (דאָס) פֿערדל |
| decided | באַשלאָסן |
| ~~to give over~~ hand over to assign | איבער(צו)געבן |
| entirely | גאַנץ |
| the matter (thing) | (די) זאַך |

| | |
|---|---|
| the little man | דאָס קליינע מענטשעלע |
| to imagine* | (זיך) פֿאָרשטעלן |
| imagine! (imperative) | שטעלט אײַך פֿאָר! |
| me | מיך |
| alone | אַליין |
| stand | שטיין |
| autumn (time) | האַרבסט(צײַט) |
| ~~baudde~~ booth (like covered wagon) | (דאָס) בײַדל |
| perhaps (EFSHER) | אפֿשר |
| you might think | איר וועט מיינען |
| sunk in | אײַנגעזונקען |
| mud | (די) בלאָטע |
| it has been | עס איז געווען |
| even | גאָר |
| summer | (דער) זומער |
| have had | האָבן געהאַט |
| on them | אויף זיך |
| yellow green | געל גרין |
| shirt | (דאָס) העמדל |
| I knew | איך האָב געוווסט |
| towards | אַנטקעגן |
| let (should) | זאָל |
| laugh! (imperative) | לאַכט! |
| I let | איך האָב געלאָזט |
| go | גיין |
| free | פֿרײַ |
| it took itself | עס האָט זיך גענומען |

---

*It also means "to introduce oneself."
** "REBE" is usually a Khasidic Rabbi.

| | |
|---|---|
| just exactly | גראָד |
| you arrived | איר זענט אָנגעקומען |
| before (his) the death | פֿאַרן טויט |
| after his death | נאָך זײַן טויט |
| read | איבערלייענען |
| rich people (NOGID) (NEGIDIM) | נגיד (נגידים) |
| soon | באַלד |
| today | הײַנט |
| for yourself | פֿאַר זיך |
| afterward | דערנאָך |
| to take | נעמען |
| (the) pocket | (די) קעשענע |
| again | נאָך אַ מאָל |
| that (if) | אַז |
| (to the) right | רעכטס |
| he will want | ער וועט וועלן |
| so | אַזוי |
| to ask | בעטן |
| to sit | זיצן |
| little ~~chair~~ Stool | (דאָס) בענקל |
| foot | (דער) פֿוס |
| little foot | (דאָס) פֿיסל |
| paper(s) | (דאָס) פּאַפּיר |
| package | (דאָס) פּעקל |
| Isaac Abraham YITZKHOK AVROHOM) | יצחק אַבֿרהם |
| * Hello (SHOLOM ALEYKHEM) | שלום עליכם |
| just | פּונקט |
| when we need you | ווען איר זענט אונדז נייטיק |
| you did | איר האָט געטאָן |
| A smart thing (A KHOKHME) | אַ חכמה |
| now | אַצינד |

---

*It means: Peace be with you.

GRAMMAR:

The Diminutive:

The Diminutive in Yiddish is formed by adding the ending ל or עלע . The article for the diminutive is always דאָס.

| | | |
|---|---|---|
| דאָס פֿערדל | horse | דאָס פֿערד |
| דאָס העמדל | shirt | דאָס העמד |
| דאָס מענטשעלע | man | דער מענטש |
| דאָס בעטעלע | bed | דאָס בעט |

If the vowel of the first syllable is אַ or אָ it is changed to ע:

| | | |
|---|---|---|
| דאָס הענטעל(ע) | hand | די האַנט |
| דאָס קעפּעל(ע) | head | דער קאָפּ |
| דאָס זעקעל(ע) | sack | דער זאַק |
| דאָס דערפֿל | hamlet | דאָס דאָרף |

If the vowel of the stem is ו it changes to a י.

דאָס פֿיסל    foot    דער פֿוס

1. Review of the present tense:

| | | | |
|---|---|---|---|
| we stand | מיר שטייען | I stand | איך שטיי |
| you stand (plural polite) | איר שטייט | you stand | דו שטייסט |
| | | he stands | ער שטייט |
| they stand | זיי שטייען | she stands | זי שטייט |

Conjugate the following words in the present:

איך גיי, איך לאַך

PAST

2. Review of the present perfect: (There is no imperfect in Yiddish)

| | |
|---|---|
| I have sent | איך האָב געשיקט |
| you have sent | דו האָסט געשיקט |
| he has sent | ער האָט געשיקט |
| she has sent | זי האָט געשיקט |
| we have sent | מיר האָבן געשיקט |
| you (pl. Pol.) have sent | איר האָט געשיקט |
| they have sent | זיי האָבן געשיקט |
| I was (I have been) | איך בין געווען |
| you have been | דו ביסט געווען |
| he has been | ער איז געווען |
| she has been | זי איז געווען |
| we have been | מיר זײַנען געווען |
| you (pl pol) have been | איר זײַט געווען |
| they have been | זיי זײַנען געווען |

3. Conjugate these verbs in the present perfect:

איך בין געקומען, איך בין געלאָפֿן, איך האָב געוווסט, איך האָב געזען, איך האָב געטאָן, איך האָב געלייענט.

4. Idiomatic Construction:

| | |
|---|---|
| he came running | ער איז געקומען צו לויפֿען |
| he came walking | ער איז געקומען צו גיין |
| he came riding | ער איז געקומען צו פֿאָרן |

5. Imperative and Negative Imperative:

| | |
|---|---|
| laugh! (polite and plural) | לאַכט! |
| laugh! (familiar) | לאַך! |
| Don't laugh! | לאַכט נישט! |
| Don't laugh! | לאַך נישט! |

EXERCISES TO IESSON I:

1. Tell the story in simple Yiddish.
2. Write true (אֶמֶת) or false ( פֿאַלש ).

אין דרויסן איז געווען ווינטער.
מענדעלע שטייט מיט אַ ביַידל.
דער רבֿ איז געקומען צו לויפֿן.
דער שַמָש איז געקומען צו לויפֿן.
דער רֶבִּי נעמט פֿון דער קעשענע אַ פּעקל פּאַפּירן.
דער רֶבִּי האָט געלייענט די פּאַפּירן.
דאָס בענקל האָט געהאַט אַ צעבראָכענעם פֿיסל.

3. Write in Yiddish:

I stand with my bundle. Outside it is summer. To the right is Glusk. Don't laugh! He sent the Sexton. I sit on a chair. He takes a pack of papers.

4. Write in the imperative: (familiar and polite)

go! stand! send! sit!

5. Write in the negative imperative (familiar and polite)

Don't stand! Don't go! Don't laugh!

6. Answer in Yiddish:

ווּ שטייט מענדעלע?
צי האָט מענדעלע געוווּסט דעם וועג?
ווּעמען האָט מענדעלע איבערגעגעבן די גאַנצע זאַך?
צי האָט זיך דאָס פֿערדל גענומען רעכטס אָדער לינקס?
ווער האָט געדאַרפֿט מענדעלען?
וואָסער בענקל איז געווען אין שטוב?
וואָס נעמט דער רֶבִּי פֿון דער קעשענע?
ווער האָט אים געגעבן דאָס פּעקל פּאַפּירן?
פֿאַר וועמען האָט דער רֶבִּי געלייענט די פּאַפּירן?

7. Fill in the missing words.

מענדעלע שטייט מיט זיַין ________.
דאָס ביַידל האָט זיך איַינגעזומקען אין ________.
די ביימער האָבן אויף זיך געהאַט אַ ________ העמדל.
רעכטס איז דער וועג קיין ________.
דער רבֿ האָט געשיקט נאָך מיר דעם ________.
דאָס בענקל האָט געהאַט אַ צעבראָכענעם ________.
דער רֶבִּי נעמט פֿון דער קעשענע אַ פּעקל ________.
דער רֶבִּי האָט געלייענט די פּאַפּירן פֿאַר די ________.

SONG::

Let us make up!
Put up the Samovar*
Let us make up!
Don't be a fool.

Let us make up!
Buy a few oranges.
Let us make up!
Let us go dancing.

Let us make up!
Why do you stand at the
door
Let us make up!
Look at me!

לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן
שטעל דעם סאַמאָוואַר (2)
לאָמיר זיך איבערבעטן
זיי זשע** נישט קיין נאַר

לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן
קויף אַ פּאָר מאַראַנצן (2)
לאָמיר זיך איבערבעטן
לאָמיר גיין טאַנצן

לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן
וואָס שטייסטו בײַ דער טיר (2)
לאָמיר זיך איבערבעטן
גיב אַ קוק אויף מיר.

*"Samovar," aRussian word meaning "teakettle."
**This word is not translated; it implies "please."

Mendele's father died at an early age and it pained Mendele to see his mother bring up the children by herself against such hardships. In <u>DOS KLEYNE MENTSHELE</u> he portrays the desire of his mother to keep him in an environment of learning by apprenticing him to a "Melamed" (teacher). For a long time, she did not permit him to become apprenticed to a tradesman. "A tradesman" occupied a lower social status in the "shtetl." Mendele describes his misfortunes as a teacher's helper and his various attempts and failures in learning a trade, when he is finally forced to work for a tailor and other tradesmen.

In <u>DOS KLEYNE MENTSHELE</u>, the papers of "Isaac Abraham" which the Rabbi reads to the rich men of the town are really Mendele's own memoires and portray Mendele's childhood. They tell a sad tale and are an indictment of a society. In this novel he describes "DOS KLEYNE MENTSHELE" as the man who stops thinking, feeling, hearing and seeing. By observing Doctor "Steynherz" (literally "stony heart") Itzik Avreml (Sholom Aleykhem) was going to learn how to become "a little man." Another man who was supposed to inspire him to become "a little man" was Issar Varger (lit. the Strangler). He describes him as a fool in matters of religion. Itzik Avreml finally realizes that only the honest people are really happy and is inspired to change his way by Mr. Gutman (!). There is a close resemblance to a novel of a French writer Le Sabre (1660-1747) who wrote a book "<u>The Adventures of Gil Blas</u>." Mendele's book <u>Benjamin III</u> has elements of Cervantes' <u>Don Quichote</u>.

In real life, Mendele runs away from home at seventeen and wanders with a lame beggar about the country. This produced the novel "Fishke the Lame" in 1869.

At twenty, Mendele realizes the dream of his mother and becomes a Hebrew teacher in which profession he spends most of his life.

His famous novel "<u>DI KLIATSHE</u>" (The Dobbin) was published in 1873. This story of the suffering of an emaciated female horse could be interpreted as symbolizing the suffering of his mother even though many critics see "<u>Di Kliatshe</u>" as a symbol for the Jewish people.

His major work was his autobiography "<u>SHLOYME REB KHA'YIMS</u> published in 1899.

(ווידוי לִיצְחָק אַבְרָהָם) דאָס קליינע מענטשעלע

פֿון מענדעלע מוכר ספֿרים

איך בין געבוירן געוואָרן, דערציילט יִצחק אַבֿרהם, בײַ אָרעמע עלטערן. מײַן טאַטן געדענק איך נישט. איך הייב אָן צו געדענקען וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט, ערשט אין דעם עלטער פֿון אַ פֿינף, אָדער זעקס יאָר. מען האָט מיך נישט געקוקט ווי אַנדערע קינדער. דאָס וואָרט רחמנות האָב איך קיינמאָל נישט געהערט. איך האָב נישט געהערט מען זאָל זאָגן: "אַ רחמנות ער האָט נישט געגעסן," "אַ רחמנות דאָס פּנים איז אים געשוואָלן."

אַמאָל אַז איך בין געווען קראַנק, יון די מאַמע איז צו מיר גוט געוואָרן, האָב איך מיך פֿאַרקוקט איר אין די אויגן, און אַז איך האָב געזען אַז זי לאָזט זיך קוקן, האָב איך געפֿרעגט: "מאַמע, וואָס איז פֿאַר אַ מענטשעלע בײַ דיר אין די אויגן?" די מאַמע האָט געענטפֿערט: "דאָס קליינע מענטשעלע איז די נשמה. דאָס קליינע מענטשעלע איז נאָר אין יִדישע אויגן." פֿון דעמאָלט האָב איך נישט פֿאַרגעסן דאָס קליינע מענטשעלע.

די מאַמע מײַנע פֿלעגט טאָג און נאַכט אַרבעטן און פֿון איר אַרבעט קוים געהאַט וואַסער אויף קאַשע. איך פֿלעג אַלץ בעטן עסן! עסן! די מאַמע האָט געליטן און נישט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט מיר.

מענטשן פֿלעגן איר זאָגן זי זאָל מיך געבן צו אַ בעל מלאָכה. און זי פֿלעגט ענטפֿערן: "ניין! איך וועל אים נישט אָפּגעבן צו אַ בעל מלאָכה און פֿאַרשוואַרצן דאָס פּנים מיר און זײַן טאַטן עליו השלום!...ער, דער טאַטע זײַנער וועט דאָך דאַרט נישט רויִק ליגן אין קבֿר. דעם מלמדס זון זאָל זײַן אַ בעל מלאָכה! נישט דערלעבן זאָלן עס מײַנע שׂונאים! גאָט האָט דער מאַמע געהאָלפֿן מיך אַרײַנצוגעבן אין אַ קלייט. זי האָט געמיינט איר זון איז שוין אַ סוחר. נאָר איר זון איז אָבער געוואָרן אַ הונט.

איך האָב געמוזט כאַפּן אַלע מענטשן וואָס זײַנען דורכגעגאַנגען אין גאַס מיט אַ געשריי, און זיי שלעפּן אין קלייט. איך פֿלעג לויפֿן אין גאַס און שרײַען: "אַהער פּאַניטשיכלעך, שלייקעס, מעסערלעך קאַלאַשן! ווי באַלד אַ קונה האָט זיך געוויזן פֿון דערווײַטן בין איך געלאָפֿן אים אַנטקעגן מיט דעם גאַנצן צעטל סחורות און געשלעפּט אים אין קלייט. אין שטוב האָב איך געדאַרפֿט העלפֿן, אין קלייט האָב איך געדאַרפֿט אַרבעטן.

איך האָב אַמאָל דערזען אין קלייט אַ מוטערפּערלען קנעפּל וואָס האָט געפֿינקלט מיט אַלערליי קאָלירן. דערבײַ איז מיר געקומען אין זינען מײַן קראַנקע שוועסטער. איך וועל איר עס געבן אַ מתּנה. איך האָב גענומען דאָס קנעפּל און אַרײַנגעלייגט עס אין קעשענע. איז דער משרת, וואָס האָט עס געזען, באַלד צוגעלאָפֿן צו מיר מיט אַ געשריי: גנבֿ! דו לייגסט אין קעשענע! קורץ מען האָט מיך גוט אויסגעפּאַטשט און אַרויסגעטריבן.

האָט מיך די מאַמע געגעבן אין חדר פֿאַר אַ בעהעלפֿער. די מאַמע האָט געזאָגט צו דעם מלמד: "זייַן טאַטע איז געווען אַ מלמד, וויל איך אַז ער זאָל אויך זייַן אַ מלמד." מייַן אַרבעט איז געווען צו־נויפֿנעמען די קינדער אין חדר אַרייַן. בין איך געגאַנגען פֿון שטוב צו שטוב און איך האָב צונויפֿגענומען די קינדער. אַ טייל ווילן נישט גיין, אַ טייל וויינען און שרייַען: מאַמע! מאַמע!

איך האָב אויך געמוזט העלפֿן דעם מלמד ווען ער פֿלעג שלאָגן די קינדער. איין מאָל האָט דער מלמד געשלאָגן אַ ייִנגל און געזאָגט אַז איך האָב עס געטאָן, האָט מען מיך באַלד אַוועקגעשיקט פֿון חדר.

בין איך געוואָרן אַ לערנייִנגל בייַ אַ שנייַדער. לייזער האָט זיך געהאַלטן פֿאַר דעם בעסטן שנייַדער אין דער גאַנצער וועלט. לייזער דער שנייַדער האָט מיך גלייַך בייַ מייַן אָנקומען צו אים גענומען אין דער אַרבעט, און מיט מיר אָנגעהויבן דעם אַלף־בית פֿון דער מלאָכה: נישט ווי מע האַלט די נאָדל, ניין! גיין אין מאַרק נאָך כּשרה פֿאָדים:* אַרייַנשטעלן פּרעסלעך אין אויוון, זוכן אונטערן טיש, אונטער די בענק, דעם פֿינגערהוט, אָדער אַ דין נאָדעלע. אַמאָל האָט מיך געשלאָגן לייזער, אַמאָל לייזערס ווייַב און אַמאָל ביידע. קיין האָניק האָב איך בייַ לייזער דעם שנייַדער נישט געלעקט.

מען האָט מיך דערנאָך אָפּגעגעבן צו אַנדערע בעלי־מלאָכות, איך אָבער בין געווען אַ שלימזל** און נישט געהאַט קיין גליק.

אין שטעטל איז אָנגעקומען אַ חזן. איך בין געוואָרן זייַן משורר. מיט דעם חזן בין איך מער ווי אַ האַלב יאָר אַרומגעפֿאָרן אויף דער וועלט. מיר שלימזל איז בייַ אים אויך שלעכט געווען. נאָך ראש השנה האָט דער חזן מיך אַרויסגעטריבן.

---

*Kosher thread is thread not made of linen. Jews do not mix wool and linen.

** "Shlemazel" is formed analogous to the word "Shlemiel." Adalbert von Chamisso, a French Nobleman who escaped during the revolution to Germany wrote a famous German novel called "Peter Shlemiel" It tells the story of a man who sold his shadow. This made him different from the other people and they never accepted him into society. Thus the "Shlemiel" became the prototype of the man who does something stupid. "Shlemazel" comes from the German "schlimm", bad, and the Hebrew word "mazel" luck -- bad luck. It is a man who has bad luck. The "Shlemiel" spills soup on the "Shlemazel's" new suit.

VOCABULARY:

| | |
|---|---|
| never | קיין מאָל נישט |
| face (PONIM) | (דאָס) פּנים |
| swollen | געשוואָלן |
| has become | איז געוואָרן |
| look | קוקן |
| looked | פֿאַרקוקט |
| eyes | אויגן |
| to see | זען |
| she lets herself | זי לאָזט זיך |
| to ask | פֿרעגן |
| what type of little man is it? | וואָס איז עס פֿאַר אַ מענטשעלע? |
| answer | ענטפֿערן |
| Last Will and Testament of ISAAC ABRAHAM (YITSKHAK AVRCHOM) | ווידוי ליצחק אַבֿרהם |
| I was born | איך בין געבוירן געוואָרן |
| to tell | דערציילן |
| poor | אָרעם |
| she used to | זי פֿלעגט |
| hardly | קוים |
| water | (דאָס) וואַסער |
| groats | (די) קאַשע |
| she suffered | זי האָט געליטן |
| put in | אַרײַנגעבן |
| tradesman (BA'AL MELOKHE) | (דער) בעל מלאכה |
| give over | אָפּגעבן |
| blacken | פֿאַרשוואַרצן |
| ** may he rest in peace (OLEV HASHOLEM) | עליו השלום |

| | |
|---|---|
| Last will and Testament (VIDU'Y) | ווידוי |
| parents | די עלטערן |
| to remember | געדענקען |
| *begin | אָנהייבן (אָנגעהויבן) |
| first | ערשט |
| at the age | אין דעם עלטער |
| of | פֿון |
| year | דאָס יאָר |
| has happened | האָט פּאַסירט |
| street | (די) גאַס |
| the scream | (דער) געשריי |
| drag | שלעפּן |
| to scream | שרײַען |
| to this place | אַהער |
| Sir (Polish word) | פּאַני |
| kerchiefs | טיכלעך |
| suspenders | שלייקעס |
| knives | מעסערלעך |
| galoshes | קאַלאָשן |
| as soon as | ווי באַלד |
| customer (KOYNE) (KOYNIM) | (דער) קונה (קונים) |
| to show oneself | זיך ווײַזן (געוויזן) |
| from afar | פֿון דערווײַטנס |
| kiss | קושן |
| word | (דאָס) וואָרט |
| pity (RAKHMONES) | רחמנות |
| hear | הערן |

---

*The verb has a separate prefix. It is conjugated: איך הייב אָן
**Literally: "Peace be upon him" "upon her."

| | |
|---|---|
| beat up | אויספּאַטשן (אויסגעפּטשט) |
| soul (NESHOME) | (די) נְשָמָה |
| from that time | פֿון דעמאָלט |
| forget | פֿאַרגעסן |
| ride around | אַרומפֿאָרן |
| bad | שלעכט |
| after (still) | נאָך |
| chase out | אַרויסטרײַבן (אַרויסגעטריבן) |
| Hebrew school (KHEYDER) | חֵדֶר |
| helper | באַהעלפֿער |
| gather together | צונויפֿנעמען (צונויפֿגענומען) |
| a part | אַ טייל |
| want | ווילן |
| Leizer (a name) | לייזער |
| tailor | (דער) שנײַדער |
| held himself | האָט זיך געהאַלטן |
| world | (די) וועלט |
| immediately | גלײַך |
| ABC's (ALEF-BEYS) | (דער) אַלֶף־בֵּית |
| work (MELOKHE) | (די) מְלָאכָה |
| needle | (די) נאָדל |
| Kosher (KOSHER) | כָּשֵר |
| thread | (דער) פֿאָדים |
| boy | (דער) ייִנגל |
| dog | (דער) הונט |
| must | מוזן |
| I had to | איך האָב געמוזט |
| *to grab | כאַפּן |

| | |
|---|---|
| may she rest in peace (PIEYHO HASHOLEM) | עָלֶיהָ הַשָלוֹם |
| quiet | רואיק |
| the grave (KEYVER) | (דאָס) קֶבֶר |
| Hebrew teacher (MELAMED) | מְלַמֵד |
| My enemies shouldn't live to see the day (SONIM) | נישט דערלעבן זאָלן עס מײַנע שׂוֹנְאִים |
| help | העלפֿן (געהאָלפֿן) |
| store | (דער) קלייט |
| merchant (SOYKHER) | (דער) סוֹחֵר |
| (SOKHRIM) | (סוֹחֲרִים) |
| the list | (דער) צעטל |
| merchandise (SKHOYRE) (SKHOYRES) | (די) סחוֹרָה (סְחוֹרוֹת) |
| house (room) | (די) שטוב |
| need (must) | דאַרפֿן (געדאַרפֿט) |
| once | אַמאָל |
| the button | (דער) קנאָפּ |
| button (diminutive) | (דאָס) קנעפּל |
| mother of pearl | מוטערפּערל |
| sparkle | פֿינקלען |
| all kinds (of) | אַלערליי |
| colors | קאָלירן |
| come to mind | קומען אין זינען |
| gift (MATONE) (MATONES) | (די) מַתָּנָה (מַתָּנוֹת) |
| helper (MESHORES) (MESHORSIM) | (דער) מְשָרֵת (מְשָרְתִים) |
| thief (GANEV) (GANOVIM) | גַנָב (גַנָבִים) |
| in short | קורץ |

---

*It comes from the Latin "capio" "capere" "to seize." It still has this meaning in the word "capture."

| | | | |
|---|---|---|---|
| thin | דין | walk through | דורכגיין (דורכגעגאַנגען) |
| beat | שלאָגן | put in | אַרײַנשטעלן |
| honey | האָניק | press (iron) | פּרעס(לער) |
| lick | לעקן | oven | (דער) אויוון |
| Shlemazl | שלימזל | search | זוכן |
| luck | (דאָס) גליק | under | אונטער |
| cantor (KHAZEN) | חזן | table | (דער) טיש |
| singer (MESHOYRER) (MESHOYRERIM) | משורר (משוררים) | benches | בענק |
| half | האַלב | thimble | (דער) פֿינגערהוט |

IDIOMATIC EXPRESSIONS:

| | |
|---|---|
| "He licks honey." He has an easy time of it. | ער לעקט האָניק |
| He has a difficult time | ער לעקט נישט קיין האָניק |
| "He doesn't have water to cook groats." He is very poor. | ער האָט נישט וואַסער אויף קאַשע |
| My enemies should not live to see the day. | נישט דערלעבן זאָלן מײַנע שׂונאים |

אַדער קאַשע

GRAMMAR:

Conjugation of verbs with separable prefixes:
In the word אָנהייבן to begin, אָן is considered a separable prefix because it is an independent word in Yiddish.

| | | | |
|---|---|---|---|
| | | to begin | אָנהייבן |
| we begin | מיר הייבן אָן | I begin | איך הייב אָן |
| you begin | איר הייבט אָן | you begin | דו הייבסט אָן |
| they begin | זיי הייבן אָן | he begins | ער הייבט אָן |
| | | she begins | זי הייבט אָן |

Very few Yiddish verbs have separable prefixes. Most Yiddish verbs have inseparable prefixes; the most common inseparable prefixes are: באַ (בע) , גע, פֿאַר

| | | |
|---|---|---|
| איך געדענק, דו געדענקסט | to remember | געדענקען |
| איך באַקום, דו באַקומסט | to receive | באַקומען |
| איך פֿאַרגעס, דו פֿאַרגעסט | to forget | פֿאַרגעסן |

GRAMMAR REVIEW:

Conjugate in the present tense:

| | | | |
|---|---|---|---|
| I beat | איך שלאָג | I remember | איך געדענק |

Conjugate in the present perfect:

| | | | |
|---|---|---|---|
| I ran | איך בין געלאָפֿן | I have seen | איך האָב געזען |

PURIM SONG:

| | |
|---|---|
| Today is Purim, brothers | הײַנט איז פּורים ברידער |
| The holiday is great | עס איז דער יום טובֿ גרויס |
| Let us sing songs | לאָמיר זינגען לידער |
| And go from house to house | און גיין פֿון הויז צו הויז. |
| Laugh! Jew, laugh! | לאַך ייִדעלע לאַך |
| Make a holiday! | אַ יום טובֿ מאַך |
| Let our children's children | קינדס קינדער געדענקען |
| Remember the miracle | דעם נס |
| Sing! children sing! | זינגט קינדערלעך זינגט |
| Dance happily and leap! | טאַנצט פֿריילעך און שפּרינגט |
| Don't forget this happy day. | דעם טײַערן טאָג נישט פֿאַרגעסט |

EXERCISES TO LESSON II:

1. Read these these Hebrew words:

ייִדוי, רחמנות, פּנים, נשמה, אַלף־בית, מלאכה, כּשר, בעלי מלאכות, אָבֿר, עליו השלום, סוחר, קרבּן, מתּנה, גנבֿ, חדר, חזן.

2. Answer in Yiddish:

1. בײַ וואָסערע עלטערן איז יצחק אַבֿרהם געבוירן געוואָרן?
2. וואָסער וואָרט האָט יצחק אַבֿרהם קיין מאָל נישט געהערט?
3. וואָס האָט יצחק אַבֿרהם געזען אין די אויגן פֿון דער מאַמע?
4. וואָס איז דאָס קליינע מענטשעלע?
5. בײַ וועמען איז ער געוואָרן אַ לערנייִנגל?
6. ווער האָט אים געשלאָגן?
7. בײַ וועמען איז ער געוואָרן אַ משורר?
8. ווען האָט דער חזן אים אַרויסגעטריבן?

3. Fill in the blanks:

יצחק אַבֿרהם האָט געזען דאָס קליינע מענטשעלע אין די ______ פֿון דער מאַמע.
קיין ______ האָט ער נישט געלעקט.
אַמאָל האָט אים געשלאָגן ______ אַמאָל לייזערס ______.
יצחק אַבֿרהם איז געווען אַ ______ און נישט געהאַט קיין גליק.
ער איז געווען אַ משורר בײַ אַ ______.

4. Conjugate in the present:

דורכגיין, פֿאַרגעסן, געדענקען, באַקומען

5. Match these expressions:

| | | | |
|---|---|---|---|
| a. | ער האָט נישט וואַסער | 1. | קיין האָניק |
| b. | ער לעקט | 2. | אויף קאַשע |
| c. | נישט דערלעבן זאָלן | 3. | מײַנע שׂונאים |
| d. | ער לעקט נישט | 4. | האָניק |

6. Tell the trauma with the "mother of pearl" button.

7. Why did the mother at first refuse to apprentice him to a tradesman?

8. What is the difference between a "Shlemiel" and a "Shlemazel"?

9. Project for term report:
   a. Compare Le Sabre's novel <u>The Adventures of Gil Blas</u> with Mendele's novel <u>The Parasite</u> (A translation of <u>Dos Kleyne Mentshele</u> by G. Stillman, N.Y. 1956).
   b. Compare Mendele's <u>Benjamin III</u> with Cervantes' <u>Don Quichote</u>.

The struggle which Mendele's mother had to wage to bring up her children caused Mendele to become bitter against Society. He wrote works critical of the Social system. The most famous of these plays is די טאַקסע (The meat tax). This tax was levied against the Jews of Russia by the Czarist regime. The collection of this tax was made by the rich people of the town. Mendele accuses them that they passed on the greatest burden of this tax to the poor. It is interesting that Mendele's own father was a collector of the meat tax in Kapulje the town where Mendele was born.

In this book "DOS KLEYNE MENTSHELE" he has already a reference to the "meat tax":

"The tax gives us the excuse for fleecing the public... And I, woe, is me, was one of those little men. I suckled on the breast of the tax and was its staunch defender whenever it was attacked. I knew that as long as Jews have a tax on meat, they will always be in the power of little men...who will be able to control them like children...I supported the tax and the tax supported me. I ate the choicest cuts of meat for nothing. The poor paid through the nose and gnawed on bones." (1)

The name of the hero of the play is "שלמה וועקער". The name itself is revealing. "שלמה" means "peace." "וועקער" means someone awakened to his social consciousness. Thus we have a peaceful man who becomes aroused to fight the cause of the poor, and awakening other people to join him.

The villains of the play are: "ר' יוסעלע שינדער" "Joseph the Skinner" and "ר' ראובן פּיאַווקע" "Reuben Piavke," which means "Reuben the Leech (bloodsucker)".

Scene IV of the play shows "וועקער" in the house of the rich man "ספּאַדיק". "גדליה פּיקהאַלץ" a rabbi who has just resigned from a neighboring town because of the corruption of the rich, is also waiting in the house. וועקער wonders how the rich man "ספּאַדיק" can make a living since he is never at his business. "פּיקהאַלץ" opens the eyes of "וועקער" by showing him the corruption which exists not only in Tuneyadevka, from which he comes, but also in Glupsk where "וועקער" lives. Mendele uses "Glupsk" for the city of Berditchev in which he lived. The Jews of Berditchev realized this and never forgave Mendele.

The words of "פּיקהאַלץ" have a very modern ring in the time of Watergate and his plea could have been written today.

---

1. Mendele Moykher Sforim "DOS KLEYNE MENTSHELE" The Parasite translated by G. Stillman, Thomas Yoseloff (New York, 1956) P. 153.

## די סאַקסע (Scene IV)

### פֿון מענדעלע מוכר ספֿרים

וועקער: "ער (ספּאָדיק) איז ווידער נישט דאָ? נעכטן האָט ער מיך באַשטעלט איך זאָל היינט קומען אים שרייבן די פּאָסט און ער אַליין איז נישט דאָ, ער איז אויף אַ בּרית. אַלע טאָג איז ער אויף בּריתן, אַלע טאָג אויף שׂמחות. אַ שיי־נער סוחר וואָס זאָל נישט קענען איבערלייענען אַ בריוו. ·איך ווייס נישט ווי אַזאַ סוחר קען זיך האַלטן אַפֿילו איין טאָג. וואָס זאָל איך טאָן? איך מוז אויף אים וואַרטן. נאָך גוט וואָס איך האָב מיט זיך דאָס ביכל, וועל איך קענען איבערלייענען די שירים פֿון אַ נייעם מחבר."

פּיקהאָלץ: "וואָס האָסטו זיך אַזוי פֿאַרטיפֿט אין בוך, שלמה?"

וועקער: "מיין גוטער גדליה, ווען ביסטו געקומען?"

פּיקהאָלץ: "איך בין געקומען היינט."

וועקער: "נו איצט דערצייל מיר, וואָס מאַכסטו? וואָס הערט זיך אין טונעיאַדעווקע? וואָס מאַכט דאָרט אונדזער גביר, ווי הייסט ער צום טייוול, איך האָב שוין פֿאַרגעסן ווי ער הייסט."

פּיקהאָלץ: "איך ווייס שוין וועמען דו מיינסט, ער איז היינט אַ קבצן."

וועקער: "עס איז דאָך אַ שרעק וואָס ביי אייך אין טונעיאַדעווקע גייט פֿאָר."

פּיקהאָלץ: "ביי אייך אין טונעיאַדעווקע, זאָגסטו? און ביי אייך אין גלופּסק איז דען בעסער? ביי אייך און נאָך אין אַנדערע יידישע שטעט ליגן די אָרמע צען איילן אין דער ערד. עס זיינען דאָ אַזעלכע גוטע מענטשן וואָס פֿאַר גוטס־קייט ליגן זיי אַוועק אַלע בעשעפֿטן און גיבן זיך אָפּ נאָר מיט שטאָטישע זאַכן און זאָרגן זיך נאָך פֿאַרן כּלל און ווערן בּעלי טאַקסע. נו געפֿינט זיך נאָך ערגעץ אין דער וועלט אַ פֿאָלק מיט אַזוי פֿיל גוטע מענטשן, וואָס זאָרגן זיך פֿאַר דעם כּלל ווי ביי אונדז יידן? ביי די אַנדערע אומות איז אַ סוחר אַ סוחר, אָבער ביי אונדז איז דער מינדסטער גביר אין שטעטל אַ בּעל טאַקסע. ער איז נאָר אַ סוחר לפּנים בּאמת טראָגט ער אויף דעם קאָפּ די גאַנצע שטאָט יידן. די אָרעמע האָבן אָבער גאָר נישט פֿון די פֿיל טובֿות וואָס מען טוט זיי. זיי הערן אויף צו עסן, זיי קרענקען. וואָס עסט דען אַ ייד אַן אָרעמאַן? פֿון פֿלייש ווייס ער נישט, חוץ אַ שבת מאַכט ער זיך פֿליישיק מיט אַ ביין און ווי מתים עסן, אַזאַ פּנים האָבן זיי־. נישט גוט וואָס ביי אונדז אין די שטעטלעך זענען זייער פֿיל בּעלי טובֿות. נישט גוט וואָס איטלעכער לייזיקגייער ווערט אַ בּעל טובֿה, נישט גוט זייער נישט גוט!"

וועקער: "גדליה עס מוז עפּעס זיין וואָס דו רעדסט אַזוי מיט האַרץ?"

פּיקהאָלץ: "איך בין אַוועק פֿון טוניעאַדעווקע."

וועקער: "ווי קומט עס? פֿאַר וואָס?"

פּיקהאָלץ: "פֿאַר דעם וואָס ביי אונדז זיינען דאָ בּעלי טובֿות. פֿאַר־שטייסטו פֿאַר וואָס איך בין שוין נישט דאָרטן קיין רבֿ.

איך קען מיך נישט פֿאַרקריפּן! נישט האַלטן מיט פֿאַלשע
מענטשן! איך קען נישט טאָן וואָס יענער וויל און וואָס
יענער הייסט."

וועקער: "גדליָה בלייב בײַ אונדז און ווער אַ רבֿ אין גלופּסק."

פּיקהאָלץ: "דאָ איז נישט מײַן אָרט."

(וועקער נעמט דעם ביכל וואָס ער האָט געלייענט און צערייסט עס.)

פּיקהאָלץ: "וואָס טוסטו שלמה?"

וועקער: "איך טו דאָס וואָס אונדזערע עלטערן האָבן געטאָן -- אַמאָל בשעת חורבן כּלל. דאָרטן האָבן זיי אויפֿגעהאַנגען זייערע פֿידלען, זיי האָבן מער נישט געוואָלט זינגען נאָר טרויערן און קלאָגן. גענוג זינגען, גדליָה! גענוג שרײַבן שירים! ייִדן זײַנען נישט געבוירן געוואָרן צו זינגען, צו שפּילן! בלייב הי, גדליָה, מיר וועלן פּרוּוון הי עפּעס טאָן פֿאַר אונדזערע אָרעמע ייִדן. דאָ גדליָה, דאָ איז דער אָרט! דו בלייבסט גדליָה! דו וועסט הי זײַן רבֿ. איך בין גוט באַקאַנט מיט דעם גבֿיר שטאַנדהאַפֿט וואָס איז דער גאַנצער פֿירער, איך וועל אים בעטן ער זאָל דיך הי מאַכן פֿאַר אַ רבֿ."

פּיקהאָלץ: "דו קענסט נישט קיין גבֿיר, ער ליבט נאָר זיך. איך דאַנק דיר שלמה, פֿאַר דער טובֿה. פֿע אַזאַ רבנות וואָס דער גבֿיר שטאַנדהאַפֿט גיט זיי, פֿע אַזאַ רבנות וואָס פֿאַר איר דאַרף מען זיך פֿאַרקריפּן דעם טײַוול, וואָס פֿאַר איר מוז מען הערן זען און שווײַגן. פֿע! פֿע! פֿע! אַזאַ רבנות. איך וועל זײַן אַ רבֿ ווען דאָס פֿאָלק וועט מיך וועלן, ווען אַלע אָרעמע און רײַך גלייך וועלן מיך מאַכן רבֿ. נאָר עס איז נאָך זייער ווייט צו וואַרטן. זײַ מיר געזונט שלמה איך מוז אַוועקפֿאָרן."

וועקער: "גדליָה דו האָסט מיר געעפֿנט די אויגן. איצט הייב איך אָן צו זען, ווי אַזאַ סוחר ווי ספּאָדיק קען זיך האַלטן און זײַן רײַך. נאָר עס איז נישט גוט צו האָבן אָפֿענע אויגן, נישט גוט צו זען אַ כּך אויף דער וועלט. איך קען דאָ נישט אָטעמען. איך מוז אַוועק."

VOCABULARY:

| | |
|---|---|
| a nice merchant (SOYKHER) | אַ שיינער סוחר |
| letter | (דער) בריוו |
| understand | פֿאַרשטיין |
| even (AFILE) | אַפֿילו |
| wait | וואַרטן |
| carry around | מיט זיך האָבן |
| song (SHIR) (SHIRIM) | שיר (שירים) |

| | |
|---|---|
| the tax | (די) טאַקסע |
| again | ווידער |
| yesterday | נעכטן |
| ordered | באַשטעלט |
| the mail | (די) פּאָסט |
| circumcision (BRIS) (BRISN) | ברית (בריתן) |
| Happy occasion (SIMKHE) (SIMKHES) | שׂמחה (שׂמחות) |

| | |
|---|---|
| in truth (BE'EMES) | באמת |
| carry | טראָגן |
| the head | (דער) קאָפּ (קעפּ) |
| nothing | גאָרנישט |
| many (much) | פֿיל |
| favor (TOYVE) (TOYVES) | טובֿה (טובֿות) |
| to stop | אויפֿהערן |
| to become sick | קרענקען |
| meat | (דאָס) פֿלייש |
| he does not know | ער ווייס נישט |
| except (KHUTS) | חוץ |
| Saturday (SHABES) | שבת |
| the dead (MES) (MEYSIM) | מת (מתים) |
| do gooders (BALE TOYVES) | בעלי טובֿות |
| heart | (דאָס) האַרץ |
| because | פֿאַר דעם |
| understand | פֿאַרשטיין |
| false | פֿאַלש |
| the other one | יענער |
| to command (be named) | הייסן |
| the place | (דער) אָרט (ערטער) |
| tear up | צערײַסן |
| long ago | אַמאָל |
| at the time (BESHAS) | בשעת |
| destruction (KHURBEN) | חורבן |
| Babylonia (BOVEL) | בבֿל |
| hung up | אויפֿהענגען |
| violin | (די) פֿידל (פֿידלען) |
| mourn | טרויערן |

| | |
|---|---|
| author (MEKHABER) | (דער) מחבר |
| to become engrossed | פֿאַרטיפֿן |
| Gedaliah (GEDAL'YE) | גדליה |
| now | איצט |
| what is new? | וואָס הערט זיך |
| (the) rich man (GEVIR) (GEVIRIM) | (דער) גבֿיר (גבֿירים) |
| what's his name | ווי הייסט ער? |
| to the devil | צום טײַוול! |
| poor man (KABTSEN) | (דער) קבצן |
| it is frightening | עס איז אַ שרעק |
| it is happening | עס גייט פֿאָר |
| city | (די) שטאָט (שטעט) |
| the poor people | די אָרעמע |
| ten | צען |
| ells (measure) | איילן |
| such | אַזעלכע |
| goodness | (די) גוטסקייט |
| put aside | אַוועקלייגן |
| business | געשעפֿט (געשעפֿטן) |
| public affairs | שטאָטישע זאַכן |
| worry (reflexive) | זיך זאָרגן |
| community (KLAL) | (דער) כּלל |
| overseers of the tax (BALE TAKSE) | בעלי טאַקסע |
| to exist (reside) | זיך געפֿינען |
| somewhere | ערגעץ |
| nation | (דאָס) פֿאָלק (פֿעלקער) |
| nation (UME) (UMES) | אומה (אומות) |
| the least | דער מינדסטער |
| on the face of it (LEPONIM) | לפּנים |

| | | | |
|---|---|---|---|
| pooh! | פֿע! | mourn | קלאָג |
| Rabbinate (RABONES) | רבָנות | here | הי |
| be silent | שווייַגן | try | פּרוּוון |
| to want | ווע לן (איך וויל) | something | עפּעס |
| shall (auxiliary with future tense) | וועלן | personal name | *שטאַנדהאַפֿט |
| they will make me | זיי וועלן מיך מאַכן | leader | (דער) פֿירער |
| be well! good bye | זײַ מיר געזונט | to know | קענען |
| a lot (A SAKH) | אַ סך | to love | ליבן |
| breathe | אָטעמען | I thank you | איך דאַנק דיר |

---

*The literal meaning is "resolute."

GRAMMAR:

1. Imperatives of verbs with separable prefixes:

| | | | |
|---|---|---|---|
| to stop | אויפֿהערן | to begin | אָנהייבן |
| stop! (to a child) | הער אויף | begin (to a child) | הייב אָן! |
| stop (pl. pol.) | הערט אויף | begin! (pl. pol.) | הייבט אָן |
| Don't stop! | הער נישט אויף | don't begin! | הייב נישט אָן! |
| Don't stop! | הערט נישט אויף | don't begin! | הייבט נישט אָן! |

2. The Reflexive Verb:

The reflexive verb is formed by adding זיך to each form of the verb. זיך is not translated.

| | | | |
|---|---|---|---|
| | | to worry | זיך זאָרגן |
| we worry | מיר זאָרגן זיך | I worry | איך זאָרג זיך |
| you worry | איר זאָרגט זיך | you worry | דו זאָרגסט זיך |
| they worry | זיי זאָרגן זיך | he worries | ער זאָרגט זיך |
| | | she worries | זי זאָרגט זיך |

Conjugate: איך געפֿין זיך I reside

GRAMMAR REVIEW:

1. Read these Hebrew words:

בּרִית, שׂמחות, סוֹחֵר, אַפֿילו, כְּלָל, שִׁירִים, מְחַבֵּר, גְּבִיר, קַבְּצָן, אוּמָה, חוּץ, שַׁבָּת, מֵת.

2. Conjugate in the present tense:

איך פֿאַרשטיי, איך לייג אַוועק, איך הער אויף

3. Give the plural of these nouns:

די שטאָט, שׂמחה, בּרית, דאָס געשעפֿט, דאָס פֿאָלק, דער קאָפּ

4. Conjugate in the future:

I will come — איך וועל קומען

(Don't mix it up with: I want to come) — (איך וויל קומען)

you will come — דו וועסט קומען

he will come — ער וועט קומען

she will come — זי וועט קומען

we will come — מיר וועלן קומען

you will come — איר וועט קומען

they will come — זיי וועלן קומען

IDIOMS AND SAYINGS:

Lie 10 feet underground. ליגן צען איילן אונטער דרערד (דער ערד)
It means: to be in a very desperate financial situation.
As the dead eat, so they look. ווי מתים עסן אַזאַ פּנים האָבן זיי
This is used in reference to a person who looks bad and eats little.

PURIM SAYING:

| | |
|---|---|
| Today is Purim | הײַנט איז פּורים |
| Tomorrow it's over | מאָרגן איז אויס |
| Give me a penny | גיב מיר אַ גראָשן |
| And throw me out. | און וואַרף מיך אַרויס! |

PURIM SONG:

| | |
|---|---|
| I. Yakhne Dvozhe goes to town | יאַכנע דוואָזשע פֿאָרט אין שטאָט |
| She keeps packing | זי האַלט זיך אין איין פּאַקן |
| She needs to buy flour for Purim | זי דאַרף אויף פּורים קויפֿן |
| To bake Haman Tashen | מעל, המנטאַשן באַקן |
| Jump my Haman Tashen | האָפּ מײַנע המנטאַשן |
| Jump my white ones | האָפּ מײַנע ווײַסע |
| With my Haman Tashen | ס'האָט מיט מײַנע המנטאַשן |
| Just happened a story. | גראָד פּאַסירט אַ מעשׂה! |
| II. Rain falls, snow falls | ס'גייט אַ רעגן, ס'גייט אַ שניי |
| Drops fall from the roofs | ס'קאַפּעט פֿון די דעכער |
| Yakhne Dvozhe is bringing flour | יאַכנע דוואָזשע פֿירט שוין מעל |
| In a bag full of holes. | אין אַ זאַק מיט לעכער |
| Jump my Haman Tashen... | האָפּ מײַנע המנטאַשן... |
| III. Yakhne carries Shalakh Mones* | יאַכנע טראָגט שוין שלח מנות |
| To the Aunt Yente | צו דער מומע יענטע |
| Two three black Haman Tashen | צוויי דרײַ שוואַרצע המנטאַשן |
| Half raw, half burned. | האַלב רוי, האַלב פֿאַרברענטע. |
| Jump my Haman Tashen... | האָפּ מײַנע המנטאַשן... |

---

*"SHALAKH MONES" the literal translation "to send gifts." On "PURIM" Jews send gifts (of food) to each other to celebrate their escape from the plans of "HAMAN" to kill all the Jews of Persia. "PURIM" means "lots" since Haman drew lots to choose on which day the Jews should be killed.

1. Answer in Yiddish:

1. ווּ איז דער גבֿיר ספּאָדיק?
2. וואָס לייענט וועקער?
3. פֿאַר וואָס איז גדליה אַוועק פֿון טונעיאַדעווקע?
4. וואָס טוט וועקער מיט דעם בּיכל?
5. נאָר ווען וויל פּיקהאָלץ ווערן אַ רבֿ אין גלופּסק?

2. Fill in the blanks:

די ייִדן האָבן אין בּבֿל אויפֿגעהאַנגען די ______
אַן אָרעמאַן עסט נישט קיין ______
דער גבֿיר ווערט אַ בּעל ______

3. Complete these sayings:

ער לעקט נישט קיין ______
זי האָט נישט קיין ______ אויף קאַשע
צען איילן אין דער ______

4. Which are the most sarcastic lines in the story? Read them from the story.

5. Which are the most tragic lines? Read them from the story.

6. Translate into Yiddish:

The rich man Spodik is not here. He is at a circumcision. He does not know how to write an address. He does not know how to read a letter. The poor people in Tuneyadevke stop eating. It is not good that there are so many do-gooders in our town. I cannot be a rabbi and sell myself. The forefathers (parents) in Babylon hung up their violins they did not want to play any longer. Enough singing! We will do something here for our poor brethren. You will be a rabbi here. I thank you, Shloyme, I don't want to be a rabbi who must hear, see and be silent. It isn't good to have open eyes in this world.

7. Translate into English:

איך קום שרײַבן די פּאָסט. איך מוז אויף אים וואַרטן. איך לייען אַ בּיכל פֿון אַ נײַעם מחבר. איך פֿאַרטיף זיך אין בּוך.

# LESSON IV

Sholom Aleykhem was the pen name of Sholom Rabinovitch. In his writing, we see a different point of view than the one of Mendele. On a personal level, the difference was that though both Mendele and Sholom Aleykhem were orphans, Mendele's mother had to struggle bitterly to make a living for her children while Sholom Aleykhem's father was one of the richest men in town. It is the struggle of the mother of Mendele which is reflected in his writing and colors his feeling toward society.

Sholom Aleykhem's writing too shows his personal tragedy. When he was 13 years old, his mother died. The story "דער זייגער" shows this trauma in a very symbolic fashion. If we equate "דער זייגער" with "the mother" we see the love he felt for her, the accusation he makes against his father that he put too heavy burdens on her, and the shock he received at her death when he was 13 years old.

Sholom Aleykhem's mother died of the cholera. This sickness is due to dehydration which would cause the tongue to hang out of the mouth. Knowing this helps us explain the dreams Sholom Aleykhem has in the story.

It is common knowledge that people do not want to touch a person who died of the cholera. This trauma is reflected in the next story עוֹלָם הַבָּא . In this story, Sholom Aleykhem offers to bury a woman whom no one wants to bury.

Most of his life, he spent as a stockbroker. In 1890, he lost all of his money at the Kiev stock exchange and his mother-in-law had to bail him out. She never let him forget his misfortune. Thus we see the death of his mother-in-law in the story עוֹלָם הַבָּא as a wish fulfillment. Two of his early novels are יאָסעלע סאָלאָווײ (YOSELE SOLOVEY) and סטעמפּעניו (STEMPENYU).

## דער זייגער

### (פון שלום עליכם)

דער זייגער האט געשלאגן דרייצן...מיינט נישט אז איך שפאס, איך דערצייל אייך א מעשה וואס ביי אונדז האט פאסירט און וואס איך אליין בין דערביי געווען.

מיר האבן געהאט א זייגער, א וואנטזייגער. אן אלטן, אלטן זייגער פון דעם זיידן. אין שטאט האט אונדזער זייגער געהאט א שם פאר'ן ערשטן זייגער. מענטשן פלעגן קומען אנשטעלן אויף אים זייערע זייגערס. אונדזער זייגער איז קיינמאל נישט געווען ביי א זייגער-מאכער. דער טאטע איז אליין געווען איבער אים דער בעל הבית.

האט זיך געטראפן א מעשה. מיר זיינען אלע געזעסן ביים טיש און געגעסן אנבייסן. אלע מאל ווען דער זייגער האט געשלאגן האב איך ליב געהאט צו ציילן אויפן קול: איינס...צוויי...דריי...זיבן... עלף...צוועלף...דרייצן. אוי דרייצן!

דרייצן? רופט זיך אן דער טאטע און צעלאכט זיך. א זייגער קאן נישט שלאגן קיין דרייצן! נאכן עסן גייט דער טאטע צו צום זייגער און דער זייגער הייבט אן צו קלינגען. מיר אלע ציילן: "איינס... צוויי...דריי...זיבן...ניין...צוועלף...דרייצן..." "דרייצן! זאגט דער טאטע און ער קוקט אויף אונדז מיט אויגן פון א מענטש וואס האט געהערט אז די וואנט רעדט ווערטער. ער טוט א פארקע דאס רעדל און דער זייגער קלינגט נאך א מאל דרייצן! דער טאטע קריכט אראפ פון דעם בענקל, בלאס ווי די וואנט און רעדט צו זיך אליין: געשלאגן דרייצן, וואס הייסט דאס? וואס זאל דאס באדייטן? דער טאטע נעמט אראפ דעם זייגער פון דער וואנט און טוט א פארקע. ער שוויצט א גאנצן טאג און הענגט אים אויף צוריק אויף זיין ארט -- דאנקען גאט דער זייגער גייט. און אז עס קומט האלבע נאכט שטיין מיר אלע ארום דעם זייגער און ציילן אפ צוועלף. דער טאטע קוועלט.

אבער דאס קלינגען פון זייגער איז אלץ געווארן שוואכער. וואס ווייטער ווערט דאס קלינגען שטילער? עס דאכט זיך אז דער זייגער וועט זיך אין גאנצן אפשטעלן. "ווינציק וואג" זאגט דער טאטע און ער הענגט אויף נאך א פונט, דער זייגער גייט בעסער און דער טאטע איז פריילעך. נישט לאנג געדויערט און דער זייגער ווערט ווי-דער שוואכער און דער טאטע ווי א גוטער דאקטאר האט זיך ווידער גענומען ראטעווען דעם קראנקן זייגער. "ווינציק וואג" זאגט דער טאטע און הענגט אויף אים נאך א פאר ציגל. דער זייגער גייט מיט צרות, נאר ער גייט.

ביז עס האט זיך געטראפן אן אומגליק ביי נאכט א גרויס אומ-גליק. דאס איז געווען ווינטער, פרייטיק צו נאכט. מיר האבן גע-געסן די שבתדיקע וועטשערע. די געפילטע פיש, די הייסע זופ מיט לאקשן, קומט אריין די מומע יענטע. "גוט שבת" זאגט די מומע יענטע און זי הייבט אן דערציילן מעשיות. די ליכט הייבן אן אויסגיין. פלוצים הערן מיר: "טררראך?...טררראך...באם...באם...באם!" האבן מיר גע-מיינט אז דער דאך איז איינגעפאלן, אדער גזלנים זיינען אריין אין שטוב. מיר האבן זיך נישט געקענט רירן פון די ערטער. א מינוט האבן מיר געקוקט איינס אויף דעם אנדערן אן ווערטער און אלע מיט א מאל האבן מיר אנגעהויבן צו שרייען: "וואס איז געשען?" "גאר

ניט, גאָר ניט" שרײַט די מומע יענטע. "וואָס איז געשען?" שרײַט דער טאַטע. "וואָס איז? וואָס ברענט?" "דאָס איז דער זייגער, דער זייגער איז אַראָפּגעפֿאַלן" זאָגט די מומע יענטע. "מען האָט אָנגעהאַנגען אויפֿן זייגער דרײַ פֿונט. איז ער אַראָפּגעפֿאַלן. אַ מענטש וואָלט אויך נישט בעסער געווען!" מיר זײַנען געלאָפֿן צום זייגער און געזען ווי ער ליגט מיטן פּנים אַראָפּ, אַ צעבראָכענער אויף אייביק. "אויס זייגער" מאַכט דער טאַטע, "טויט ווי די וואַנט!" און טרערן שטייען אים אין די אויגן. איך קוק אויפֿן טאַטן און איך וויל וויינען.

אַ גאַנצע נאַכט נאָכדעם האָבן זיך מיר געחלומט זייגערס. עס האָט זיך מיר פֿאָרגעשטעלט אונדזער אַלטער זייגער ליגט אויף דער ערד אָנ- געטאָן אין ווײַסע תּכריכים, עס האָט זיך מיר פֿאָרגעשטעלט אַז דער זייגער לעבט, און האָט אַ לאַנגע צונג, אַ צונג פֿון אַ מענטשן. און דער זייגער קלינגט ניט, נאָר ער קרעכצט, און יעדערער קרעכץ נעמט בײַ מיר צו אַ שטיק געזונט. און אויפֿן פּנים פֿון זייגער דאָרט ווו איך האָב תּמיד געזען דעם 12, דערזע איך מיט אַ מאָל דעם 13 דרײַצן - איר מעגט מיר גלייבן!

VOCABULARY:

| | |
|---|---|
| at the | בײַם |
| eat | עסן (געגעסן) |
| breakfast | אָנבײַסן |
| every time | אַלע מאָל |
| strike (beat) | שלאָגן |
| I love to | איך האָב ליב געהאַט |
| count | ציילן |
| count off | אָפּציילן |
| with a (loud) voice (KOL) | (אויפֿן) קול |
| call out (respond) | זיך אָנרופֿן |
| break into laughter | זיך צעלאַכן |
| after (the) | נאָך |
| ring (strike) | קלינגען |
| gives a turn (fix) | טוט אַ פּאָרקע |

| | |
|---|---|
| clock | (דער) זייגער |
| thirteen | דרײַצן |
| to joke | שפּאַסן |
| in it | דערבײַ |
| wallclock | (דער) וואַנדזייגער |
| old | אַלט |
| grandfather | (דער) זיידע |
| name (reputation) (SHEM) | (דער) שם |
| at (on) | אויף |
| for (the) | פֿאַר(ן) |
| people | מענטשן |
| their | זייערע |
| watchmaker | (דער) זייגערמאַכער |
| lit: the owner of the house (BALEBOS) | (דער) בעל־הבית |
| happen (meet) | טרעפֿן (געטראָפֿן) |
| sit | זיצן (געזעסן) |

| | |
|---|---|
| until | ביז |
| summer | וועטשערע |
| hot | הייס |
| soup | (די) זופּ |
| noodles | לאקשן |
| aunt | (די) מומע |
| *Yente | יענטע |
| go out (extinguished) | אויסגיין |
| suddenly | פלוצים |
| the roof | (דער) דאך |
| fall in (cave in) | אײַנפֿאַלן |
| thief (GAZIEN) (GAZIONIM) | גזלן (גזלנים) |
| move | רירן |
| minute | (די) מינוט |
| what has happened | וואָס איז געשען |
| burn | ברענען |
| hang up | אָנהענגען (אָנגעהאַנגען) |
| fall down | אַראָפּפֿאַלן |
| run | לויפן (געלאָפֿן) |
| down | אַראָפּ |
| broken | צעבראָכן |
| (for) eternity | אויף אייביק |
| no more | אויס |
| tears | טרערן |
| dream (KHOIEMEN) | חלומען |
| imagine (introduce) | פֿאָרשטעלן (פֿאָרגעשטעלט) |

| | |
|---|---|
| wheel | (דאָס) ראָד (רעדל) |
| creep (down) | (אַראָפּ)קריכן |
| pale | בלאַס |
| what does it mean | וואָס הייסט דאָס |
| mean | באַדײַטן |
| sweat | שוויצן |
| back | צוריק |
| around | ארום |
| overflow with joy | קוועלן |
| still | אלץ |
| weak | שוואַך |
| the more time passes (the further) | וואָס ווײַטער |
| quiet | שטיל |
| to imagine | זיך דאכטן |
| to stop | זיך אָפּשטעלן |
| little (tiny) | ווינציק |
| weight (scale) | (די) וואג |
| a pound | (אַ) פֿונט |
| better | בעסער |
| happy | פֿריילעך |
| last | דויערן (געדויערט) |
| to save | ראטעווען |
| bag | (דער) זאק (זעקל) |
| sand | (דער) זאַמד |
| a few (a pair | א פאר |
| brick(s) | ציגל |
| with trouble (TSORES) | (מיט) צרות |
| but (only) | נאָר |

---

*This is a name Yente. It is of French origin and comes from the French "gentille" which means "gentle, kind." It later came to mean just the opposite, namely a gossip and talkative woman.

| | | | |
|---|---|---|---|
| each | יעדער(ער) | the floor (earth) | (די) ערד |
| a piece | (אַ) שטיק | dress up | אָנטאָן (אָנגעטאָן) |
| health(y) | געזונט | shrouds (TAKHRIKHIM) (clothes for the dead) | תַּכְרִיכִים |
| always (TOMID) | תָּמִיד | tongue | (די) צונג |
| to see clearly | דערזען | the sigh | (דער) קרעכץ |
| suddenly | מיט אַ מאָל | to sigh | קרעכצן |
| may | מעגן | | |

GRAMMAR:

1. Possessives:

| | | | |
|---|---|---|---|
| our | אונדזער | my | מײַן |
| your | אײַער | yours (fam) | דײַן |
| their | זייער | his | זײַן |
| | | her | איר |

f.e.
In the plural we add an "ע": מײַנע, זייערע

2. Prepositions with the Dative:

Most Yiddish prepositions take the dative: אויף, פֿאַר, פֿון
The most common of these are:
Nominative: דער זייגער, די וואַנט, דאָס קינד
Dative: פֿון דעם זייגער, פֿון דער וואַנט, פֿון דעם קינד

3. Special construction in Yiddish:

Construction with "צו"

| | | |
|---|---|---|
| איך פֿלעג צו לויפֿן | used to | פֿלעגן |
| איך האָב ליב צו זינגען | like to | ליב האָבן |

4. The conjugation of the verb "רעדן" to speak:

| | |
|---|---|
| מיר רעדן | איך רעד |
| איר רעדט | דו רעדסט |
| זיי רעדן | ער רעדט |

5. Diminutives which change the base vowel:

"אַ" and "אָ" change to "ע":
דאָס ראָד - דאָס רעדל, די באָרד - דאָס בערדל, דער זאַק - דאָס זעקל

6. Regular formation of comparative and superlative:

| | | | |
|---|---|---|---|
| silent | שטיל | weak | שוואַך |
| more silent | שטילער | weaker | שוואַכער |
| most silent | אַם שטילסטן | weakest | אַם שוואַכסטן |

7. Irregular comparative and superlative:

best אַם בעסטן better בעסער good גוט

GRAMMAR REVIEW:

Write in the present perfect:

איך בין געזעסן, איך האָב געגעסן

EXERCISES TO LESSON IV:

1. Translate:

   My watch, his watches, her doctor, our father, your (pl.) aunts, their mother.

2. Give the comparative and superlatives of the following adjectives: שוואַך, שטיל, אָרעם, געל, גרין

3. Say in Yiddish;

   I used to speak, she loves to ask, he used to cry, we used to help, you (pl) used to come, they love to scream.

4. Give the diminutive of the following:

   דאָס פֿערד, די באָרד, דער זאַק, דאָס ראָד

5. From the reading selection, pick out all the sentences which show that דער זייגער is a symbol for the mother.

6. Answer in Yiddish:

   1. וויפֿל האָט געשלאָגן דער זייגער?
   2. ווער טוט אַ פּאָרקע דעם זייגער?
   3. וואָס הענגט דער טאַטע אויפֿן זייגער?
   4. וואָסער אומגליק האָט זיך געטראָפֿן פּרייטיק צו נאַכט?
   5. וואָסער חלום האָט שלום עליכם?

7. Fill in the blanks:

   1. דער זייגער איז געלעקן מיטן ______ אַראָפּ.
   2. די גאַנצע נאַכט האָבן זיך מיר געחלומט ______.
   3. אונדזער זייגער איז קיינמאָל נישט געווען ביי אַ ______.
   4. אין דער שטאָט האָט אונדזער זייגער געהאַט אַ ______.
   5. דער טאַטע טוט אַ פּאָרקע דאָס ______ און דער זייגער קלינגט.

8. Translate into Yiddish:

We had a wall clock. An old clock from the grandfather. We were sitting at the table. The clock struck 13. The father puts a pound on the clock. Friday night aunt Yente comes. We were eating fish and soup. The clock fell off the wall. The father cries and Sholom Aleykhem wants to cry. A whole night he dreams of clocks. He imagines that the clock lives and on the face of the clock he sees 13.

SONG:

| | |
|---|---|
| I am a girl getting older | איך בין שוין אַ מיידל אין די יאָרן |
| Why did you turn my head? | וואָס האָסטו מיר פֿאַרדרייט מײַן קאָפּ? |
| I would have become engaged long ago | איך וואָלט דאָך שוין לאַנג אַ כּלה געוואָרן |
| And perhaps even got married. | און אפֿשר טאַקע חתונה געהאַט |
| Perhaps you are interested in my dowry? | טאָמער גייט עס דיר אין נדן |
| My mother will sell the house. | די מאַמע וועט פֿאַרקויפֿן די שטוב |
| Let us both get married | לאָמיר ביידע חתונה האָבן |
| Because I love you so much. | ווײַל איך האָב דיך אַזוי ליב |
| Perhaps you are interested in my family pedigree | טאָמער גייט עס דיר אין ?חוס |
| My grandfather was a Rabbi | מײַן זיידע איז געווען אַ רבֿ |
| Let us both get married | לאָמיר ביידע חתונה האָבן |
| And let us end it. | זאָל שוין נעמען אַ סוף |

# עולם הבּא

## (פֿון שלום עליכם)

איך בין געווען אַ יונגערמאַן, געגעסן אויף קעסט ביַי שווער און שוויגער, געגעסן און געלערנט און אַ ביסל אַריַינגעקוקט אין ביכלעך, שווער און שוויגער זאָלן נישט וויסן. נישט אַזוי דער שווער ווי די שוויגער. איך האָב אַ שוויגער אַ מאַנסבילד, וואָס פֿירט אַליין אַלע געשעפֿטן, קלײַבט אַליין חתנים פֿאַר די טעכטער און אויך מיך האָט זי אַליין אויסגעקליבן.
עס איז געקומען די צײַט איך דאַרף זיך פֿאַרשרײַבן צום פּריזיוו מוז איך פֿאָרן אַהיים קיין ראַדאָמישלי נעמען די פּאַפּירן, אַרויסנעמען אַ פּאַס. דאָס איז געווען מײַן ערשטער אַרויספֿאָר אויף דער וועלט. בין איך געפֿאָרן אין מאַרק דינגען אַן עגל מיט אַ שליטן און איך הייב מיך אָן גרייטן צו דער נסיעה: דער טלית, די תּפֿילין און פּוטערקיכלעך. איך האָב גענומען זיך געזעגענען און געלאָזט אין וועג קיין ראַדאָמישלי. מײַן עגל שווימט, דאָס פֿערדל שפּרינגט, דער ווינט בלאָזט און אויפֿן האַרצן איז מיר גוט. עס שטעלט זיך מיר פֿאַר אַ קרעטשמע, אַ וואַרעמע, אַ סאַמאָוואַר, איך פֿרעג מײַן עגל צי ס׳איז נאָך ווײַט? ענטפֿערט ער מיר "בע-מע" איך שטעל מיר פֿאָר וואָס וואָלט געווען ווען אַ ייִד וואָלט געווען אויף זײַן אָרט. ער וואָלט געזאָגט ניט נאָר ווו די קרעטשמע איז, נאָר ווער די קרעטשמע האַלט, וויפֿל קינדער ער האָט, און וואָס ער האָט געצאָלט פֿאַר דער קרעטשמע, דאָס פֿערדל האָט זיך אָפּגעשטעלט און עס האָט זיך באַוויזן די קרעטשמע. איך בין גלײַך אַרײַן אין קרעטשמע. אין מיטן דער קרעטשמע ליגט אויף דער ערד אַ מת. צוקאָפּנס שטייען אַ פּאָר מעשענע לײַכטער מיט קליינע ליכטלעך. אַרום און אַרום זיצן קליינע קינדער, זיי קלאָגן, זיי וויינען – מאַמע, מאַמע! און אַ הויכער מאַן מיט לאַנגע פֿיס רעדט צו זיך אַליין: "וואָס טוט מען? וואָס טוט מען? און וואָס הייבט מען אָן צו טון?" דער ערשטער געדאַנק מײַנער איז געווען אַנטלויפֿן. האָט דער מאַן מיט די לאַנגע פֿיס געזאָגט צו מיר: "וואָס זאָגט איר אויף מײַן אומגליק?" געשטאָרבן ביַי זיי די מאַמע! וואָס טוט מען? וואָס טוט מען? און וואָס הייבט מען אָן צו טון? ווי אַזוי לאָזט מען איבער דאָ די קינדער אין מיטן פֿעלד?" איך זאָג:"אויב דאָס שטעטל איז נישט ווײַט קען איך אײַך געבן מײַן פֿור, איר זאָלט באַגראָבן אײַער פֿרוי און איך וועל דאָ וואַרטן." "דאָס שטעטל איז נישט ווײַט" זאָגט ער "און איך שיק אײַך באַלד די פֿור צוריק. עולם הבּא וועט איר זיך קויפֿן." איך גיי אָפּפֿירן די מאַמע אויפֿן הייליקן אָרט! ווי די קינדער האָבן דערהערט "אָפּפֿירן די מאַמע" זײַנען זיי צוגעפֿאַלן צו איר און האָבן אָנגעהויבן וויינען פֿון דאָס נײַ. זאָג איך: "ווייסט איר וואָס, איך וועל אַליין אָפּפֿירן דעם מת." איך האָב אַליין מיט מײַנע הענט געהאָלפֿן אים אַרויסטראָגן דעם מת און געלייגט אים אויפֿן שליטן און מיר זײַנען געפֿאָרן אין וועג אַריין, איך, דער עגל און די געשטאָרבענע קרעטשמערקע חוה נחמה. חוה נחמה בת רפֿאל מיכל. אַ גאַנצן וועג האָב איך געחזרט דעם נאָמען וואָס דער מאַן אירער האָט מיר געזאָגט עטליכע מאָל. מען וועט זי דאַרפֿן באַגראָבן וועט מען מוזן וויסן איר אמתן נאָמען, האָב איך געחזרט חוה נחמה

בת רָפָאֵל מִיכַל. אָבער אויפֿן וועג האָב איך פֿאַרגעסן איר מאַנס נאָמען. ער האָט מיר געזאָגט אַז איך וועל קומען אין שטעטל זאָל איך זאָגן זײַן נאָמען און מע וועט באַלד פֿון מיר צונעמען דעם מֵת און איך וועל קענען פֿאָרן ווײַטער.

זײַנען מיר געפֿאָרן אַלע דרײַ. עס הייבט אָן צו ווערן טונקלער און טונקלער, דער ווינט בלאָזט שטאַרקער און שטאַרקער. און דער שניי הערט נישט אויף. איך האָב געוואָלט צוריקפֿאָרן אין קרעטשמע אָפּפֿירן צוריק דעם מֵת, אָבער דער הימל איז פֿינצטער און עס איז שוין נאַכט. דער שליטן שליטעלט זיך איבערן ווײַסן שניי, און דער ווינט בלאָזט. און עס שטעלט זיך מיר פֿאָר, אַז מיר אַלע זײַנען דאָ אונטערן שניי: איך, דער עֶרֶל, דער פֿערדל און דער מֵת. מיר אַלע זײַנען טויט, נאָר דער מֵת, דער מֵת, דעם קרעטשמערס ווײַב איז לעבעדיק!...

פּלוצים דערזע איך אַ פֿײַערל, מיר זענען באַלד אין שטעטל. איך האָב געוואָלט אָנהייבן זינגען, עס איז געווען פֿרי, האָב איך דערזען אַ שטיבל מיט אַ גרויסן טויר און מיט אַ בעזימל אויפֿן טויר אַ סימן פֿון אַ קרעטשמע. האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט. איך האָב געקלאַפּט אין טויר: "ווער איז?" פֿרעגט מען. "עפֿענט דעם טויר" זאָג איך "וועט איר זיך פֿאַרדינען עולם הבא." "עולם הבא? ווער זענט איר?" פֿרעגט מען ווײַטער. "עפֿענט אויף" זאָג איך, "איך האָב געבראַכט אַהער אַ מֵת."

"-אַ וואָס?"

"-אַ מֵת."

"-וואָס הייסט אַ מֵת?"

"אַ מֵת הייסט אַ געשטאָרבענע. אַ געשטאָרבענע ייִדענע האָב איך אַהער געבראַכט פֿון אַ דאָרף, פֿון אַ קרעטשמע."

פֿון יענער זײַט טויר איז געוואָרן שטיל. מע האָט נאָר געהערט ווי עס האָט זיך צוגעמאַכט צוריק דער שלאָס.

(to be continued)

VOCABULARY:

| | |
|---|---|
| as | ווי |
| (a picture of) a male | מאַנסבילד |
| which | וואָס |
| lead | פֿירן |
| chose | (אויס)קלײַבן<br>אויסגעקליבן |
| bridegroom (KHOSEN) (KHASANIM) | (דער) חתן<br>(חתנים) |
| the world to come (OYLOM HABE) | *עולם הבא |
| receive support | ** קעסט |
| father-in-law | (דער) שווער |
| mother-in-law | (די) שוויגער |
| a little | אַ ביסל |
| look in | אַרײַנקוקן |
| book | (דאָס) בוך<br>(ביכר) (ביכלעך) |

---

*The promise that by doing righteous deeds, one can gain Paradise (the world to come).

**The father-in-law promises support so that the son-in-law can devote himself entirely to his studies. This support consisted of food and lodging and money for the young coupl

| | |
|---|---|
| candlestick | (דער) לײַכטער |
| candles | (די) ליכט(לעך) |
| high (tall) | הויך |
| leg | (דער) פֿוס (פֿיס) |
| do | טון |
| the thought | (דער) געדאַנק |
| to run away | אַנטלויפֿן |
| die | שטאַרבן (געשטאָרבן) |
| leave | איבערלאָזן (איבערגעלאָזט) |
| (the) field | (דאָס) פֿעלד |
| (the) wagon | (די) פֿור |
| bury | באַגראָבן |
| far | ווײַט |
| send back | צוריקשיקן |
| cemetary (holy place) | *(דער) הייליקער אָרט |
| lead away | אָפּפֿירן |
| buy | קויפֿן |
| fall upon | צופֿאַלן (צוגעפֿאַלן) |
| anew | פֿון דאָס נײַ |
| hand | (די) האַנט (הענט) |
| the dead (woman) | (די) געשטאָרבענע |
| the innkeeper's wife | (די) קרעטשמערקע |
| Eve (KHAVE) | חוה |
| Nehama (NEKHAME) | נחמה |
| daughter (BAS) | בת |
| Raphael (REFO'EL) | רפֿאל |

| | |
|---|---|
| daughter | (די) טאָכטער (טעכטער) |
| time | (די) צײַט (צײַטן) |
| to register | זיך פֿאַרשרײַבן |
| the draft | (דער) פריזיוו |
| Radomizhl (small town) | ראַדאָמישלי |
| the passport | (דער) פאַס |
| (the) journey | (דער) ארויספאָר |
| to rent | דינגען |
| a non Jew (OREL) | (דער) ערל |
| sled | (דער) שליטן |
| to prepare | גרייטן |
| (the) trip (NESI'YE) | (די) נסיעה |
| (the) prayer shawl (TALIS) | (דער) טלית |
| (the) philacteries (TEFILIN) | (די) תּפֿילין |
| butter cookies | פוטערקיכלעך |
| to say goodbye | (זיך) געזעגענען |
| start the journey | זיך לאָזן אין וועג |
| jump | שפרינגען |
| wind | (דער) ווינט |
| blow | בלאָזן |
| the inn | (די) קרעטשמע |
| pay | צאָלן |
| to show up (appear) | (זיך) באַווײַזן (באַוויזן) |
| at the head | צוקאָפּנס |
| brass | מעש |

---

*Jews use different words to describe the cemetary, not the word itself, for fear of bringing about death by mentioning it. Other words are: דער גוטער אָרט - the good place.

| | | | |
|---|---|---|---|
| alive | לעבעדיק | Michel | מיכל |
| (the) fire | (דאָס) פֿײַערל | repeat (KHAZERN) | חזרן |
| early | פֿרי | (the) name | (דער) נאָמען |
| room (house) | (דאָס) שטיבל | several | עטליכע |
| door (gate) | (דאָס) טויר | forget | פֿאַרגעסן |
| broom | (דער) בעזים (בעזימל) | take away | צונעמען |
| the sign (SIMEN) | (דער) סימן | dark | טונקל |
| knock | קלאַפּן | stop | אויפֿהערן |
| earn | פֿאַרדינען | (the) sky | (דער) הימל |
| village | (דאָס) האַרץ | dark | פֿינצטער |
| from the other side | פֿון יענער זײַט | night | נאַכט |
| close | צומאַכן (צוגעמאַכט) | slide | זיך שליטלען |
| the lock | (דער) שלאָס | dead | טויט |
| | | (the) wife | (דאָס) ווײַב |

GRAMMAR:

Formation of Plural:

1. Most nouns, usually those ending in ע and ער form their plural by adding ס:

זייגער - זייגערס    זיידע - זיידעס    מומע - מומעס

2. Some nouns form their plural by changing the vowel of the stem: אַ and אָ become ע:

האַנט- הענט    וואַנט- ווענט    טאָכטער-טעכטער

קנאָפּ-קנעפּ    נאַכט-נעכט    קאָפּ-קעפּ

ו becomes י:

שוך - שיך,  הונט - הינט

3. Some nouns form their plural by adding ן:

אויג-אויגן    גאַס-גאַסן    טיש-טישן    יאָר-יאָרן    צײַט-צײַטן

4. Some nouns form their plural by adding ער:

ווײַב-ווײַבער    פֿעלד-פֿעלדער

5. A group of nouns form their plural by both changing the vowel of the stem and adding ער:

אָרט-ערטער    דאָרף-דערפֿער    וואָרט-ווערטער    בוך-ביכער

דאַך-דעכער

GRAMMAR REVIEW:

Conjugate these reflexive verbs:
I say good bye — איך געזעגן זיך
I show myself — איך באַווייַז זיך

EXERCISES TO LESSON V:

1. Give the plural of the following nouns:
זייגער, האַנט, הונט, ווייַב, אויג, דאָרף, בוך, טיש, פֿעלד, נאַכט, מומע.

2. Describe the "שווינגער" of the story.

3. Explain these words: קעסט, פּריזיוו, עולם הבא

4. שלום עליכם describes the innkeeper as
אַ הויכער מאַן מיט לאַנגע פֿיס.
Madison in his book Yiddish Literature describes the father of שלום עליכם as "a tall man." When his father lost his money he became an innkeeper.
a) What subconscious comparison does שלום עליכם make?
b) If the innkeeper is the father, who is the dead woman?
c) The mother of שלום עליכם died of the cholera. We know that no one wants to touch a person who died of cholera. Explain the story in the light of this information.
d) In the story "דער זייגער", שלום עליכם blamed the father for hanging heavy weights on the (mother figure). Whose name did שלום עליכם forget in the story and why?
e) In the sled שלום עליכם has a dream. According to Freud, a dream is always a wish fulfillment. Which wish becomes reality in the dream?

5. Answer in Yiddish:
אין וואָסער שטעטל פֿאָרט שלום עליכם נעמען דעם פּאַס?
ווער ליגט אויף דער ערד אין קרעטשמע?
ווער שטייט אַרום דעם מת?
ווער העלפֿט אָפּפֿירן דעם מת?

6. Fill in the blanks:

שלום עליכם איז געזעסן אויף קעסט בייַ שווער און _______.
שלום עליכם איז געפֿאָרן אין מאַרק דינגען אַן עגלה מיט אַ _______.
צוקאַפּנס שטייען אַ פּאָר מעשענע _______ מיט קליינע ליכטלעך.
דער שליטן שליטעלט זיך איבערן ווייַסן _______.

7. Translate:

I was אויף קעסט at my father and mother-in-law. My mother-in-law is like a man (מאַנסבילד). I had to register for the draft. I hired a non Jew with a sled. I took along my prayer shawl and philacteries. We came to an inn. A dead body was on the floor. The children were crying "mother." The innkeeper could not bury the dead woman. I put her on my sled to take her to town not far (off). I knocked at the door of another inn.

SONG: (Folksong of the tragedy of the old maid in the village)

Where were you — ווּ ביסטו געווען
When there was money — ווען געלט איז געווען
And the dowry on the table? — און דער נדן איז געלעגן אויפֿן טיש
Today you are here — הײַנט ביסטו דאָ
When we have no money — ווען קיין געלט איז נישטאָ
And life became so ugly. — און דאָס לעבן איז געוואָרן אַזוי מיאוס

Where were you — ווּ ביסטו געווען
When there was youth — ווען יוגנט איז געווען
And life was sweet as sugar? — און דאָס לעבן איז געווען צוקער-זיס
Today you are here — הײַנט ביסטו דאָ
When the hair is gray — ווען די האָר זײַנען גראָ
And life became so ugly. — און דאָס לעבן איז געוואָרן אַזוי מיאוס

Where were you — ווּ ביסטו געווען
When there was youth — ווען יוגנט איז געווען
And the heart burned with love? — און דאָס האַרץ האָט מיט ליבע געברענט
Today you are here — הײַנט ביסטו דאָ
When the hair is gray — ווען די האָר זײַנען גראָ
And my feet and hands are shaking. — און עס ציטערן בײַ מיר שוין פֿיס און הענט

## (conclusion) עוֹלָם הַבָּא

(פֿון שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם)

האָבן מיר ביידע גענומען קלאַפּן. "וואָס ווילט איר?" פֿרעגט מען פֿון
טויר. "איך בין דאָ מיט אַ מֵת." "מיט וואָסער מֵת?" "דעם קרעטשמערס
ווײַב." "וואָסער קרעטשמער?" "איך האָב פֿאַרגעסן ווי ער הייסט,
נאָר זי רופֿט מען חַוָה מִיכַל בַּת חַנָה רְפָאֵל, ניין! איך מיין חַנָה
רְפָאֵל בַּת חַוָה מִיכַל." "אויב איר וועט נישט אַוועקגיין פֿון דאַנען
שלימזל גיס איך אײַך אָפּ מיט אַן עמער וואַסער!" ערשט אין אַ שָׁעָה
אַרום האָט זיך אויפֿגעעפֿנט דער טויר. "וואָס האָט איר געוואָלט?" פֿרעגט
דער קרעטשמער. "איך האָב געבראַכט אַ מֵת." זאָג איך. "פֿירט עס צום שַׁמָש
פֿון חֶבְרָה קַדִישָׁה," זאָגט ער און פֿרעגט: "ווער זענט איר?" "איך בין
פֿון ראַדאָמישלי און פֿאָר קיין זוואַהיל און דעם מֵת פֿיר איך פֿון אַ
קרעטשמע, דעם קרעטשמערס ווײַב." "די מַעֲשֶׂה איז נישט גלאַט, איר
וועט מוזן זען די גַבָּאִים." "ווער זענען די גַבָּאִים?" פֿרעג איך.
"די גַבָּאִים זײַנען רֶבּ׳ שעפּסל, רֶבּ׳ אֱלִיעֶזֶר משֶׁה און רֶבּ׳ יוֹסִי."
ענטפֿערט ער מיר, "אָבער רֶבּ׳ שעפּסל איז דער גאַנצער טוער בײַ אונדז.
איך האָב גענומען פֿרעגן אויף די גַבָּאִים." "וווּ זיצט דאָ רֶבּ׳ שעפּסל,
רֶבּ׳ אֱלִיעֶזֶר משֶׁה, רֶבּ׳ יוֹסִי?" און איך האָב געפֿונען די גַבָּאִים פֿון
חֶבְרָה קַדִישָׁה. ווי זיי האָבן דערהערט מײַן מַעֲשֶׂה זײַנען זיי געלאָפֿן
אַ קוק טון אויפֿן שליטן, צי עס ליגט טאַקע דאָרטן אַ מֵת, און האָבן
מיר געזאָגט אַז רֶבּ׳ שעפּסל איז אין שול און דאַוונט. בין איך געגאַנ-
גען אין שול און האָב אים דערציילט די גאַנצע מַעֲשֶׂה. זאָגט ער צו
מיר: "אונדזער שטעטל איז אַן אָרעם שטעטל, מיר האָבן גענוג אייגענע
אָרעמע לײַט, קומט מען אַהער פֿון פֿרעמדע ערטער, פֿון דער גאַנצער
וועלט קומט מען אַהער! אַלע אַהער!" אַזוי זאָגט צו מיר דער גַבָּי
רֶבּ׳ שעפּסל. וואָס טוט מען ווײַטער? דאַרף מען גיין צו די איבעריקע
גַבָּאִים. האָט זיך געטראָפֿן אַ נֵס. איך האָב פֿאַרשפּאָרט גיין צו די
גַבָּאִים, וואָרום די גַבָּאִים זײַנען געקומען צו מיר. "זענט איר דער
יונגער מאַן וואָס האָט געברענגט אַ מֵת?" פֿרעגט איינער פֿון די
גַבָּאִים. "יאָ," זאָג איך "נעמט צו בײַ מיר דעם מֵת וועט איר זיך
קויפֿן עוֹלָם הַבָּא." "פֿאָרט מיט דעם מֵת צוריק" זאָגן זיי, "איך וועל
נישט פֿאָרן צוריק" זאָג איך "איך בין דאָ געקומען קוים אַ לעבעדיקער
האָט הַחֲמָנִית איר וועט זיך קויפֿן עוֹלָם הַבָּא!" "עוֹלָם הַבָּא איז אַ
גוטע זאַך," זאָגט איינער פֿון די גַבָּאִים "אָבער עס וועט אײַך מוזן
קאָסטן געלט." "איך וועל באַצאָלן" זאָג איך. "צי האָט איר פּאַפּירן?"
פֿרעגט רֶבּ׳ יוֹסִי. "וואָסערע פּאַפּירן?" פֿרעג איך אים. "פֿון וואַנען
ווייסן מיר ווער דאָס איז? אֶפְשָׁר איז דאָס גאָר נישט דער מֵת וואָס
איר זאָגט? אֶפְשָׁר האָט איר אַליין געקוילעט אַ ייִדענע און אֶפְשָׁר טאַקע
אײַער אייגן ווײַב, און געבראַכט איר אַהער און דערציילט אַ מַעֲשֶׂה?
אַ קרעטשמע! דעם קרעטשמערס ווײַב! קליינע קינדער! עוֹלָם הַבָּא?"
"מען מוז מאַכן אַ פּראָטאָקאָל! אַ פּראָטאָקאָל!" זאָגן אַלע. איך פֿיל אַ
טרויס אויפֿן פָּנִים. איך זאָג: "דאָ איז מײַן טײַסטער מיט געלט,
טוט ווי איר פֿאַרשטייט." האָבן זיי גענומען מײַן געלט און דאָס

גאַנצע שטעטל האָט זיך צענויפֿגעלאָפֿן אָנקוקן דעם יונגען מאַן וואָס האָט געבראַכט אַ מת. איינער דעם אַנדערן האָט דערציילט די מַעֲשׂה מיט דעם יונגען מאַן וואָס האָט געבראַכט אַ מת. אַ רײַכע שוויגער. (פֿון וואַנען האָבן זיי גענומען אַז עס איז מײַן שוויגער?) זײַנען זיי געקומען זען דעם יונגען מאַן וואָס האָט געבראַכט די רײַכע שוויגער און אַ טײַסטער מיט געלט. און די אָרעמע לײַט האָבן מיך געריסן אויף שטיקלעך. זאָגן די אָרעמע לײַט: "אַז מע באַגראָבט אַזאַ רײַכע שוויגער מעג עס קאָסטן נאָך אַ פּאָר גראָשן. די שוויגער האָט אים געלאָזט גענוג געלט." ווי ער האָט דערזען אַזוי פֿיל מענטשן, האָט זיך אָפּגעשטעלט דער אוראַנדיק רייסנדיק אויף אַ פֿערדל. ער פֿרעגט: "ווער איז דאָ געשטאָרבן? ווער זענט איר און פֿון וואַנען און וווּהין פֿאָרט איר?" איינער פֿון די צוויי גַבָּאִים זאָגט צו מיר: "דַבֵּרט אים אַז איר זענט אַ היגער. און דאָס איז אײַער חָמוֹתִי, אײַער שוויגער, און נָתְנט אים אין יַד אַרײַן."

דער אוראַנדיק איז אַרײַן מיט מיר אין שטוב און פֿאַרשריבן אויף פּאַפּיר: "וואָס איז דײַן אַרבעט?" "אַ סוֹחֵר" "ווער איז דאָ געשטאָרבן?" "מײַן שוויגער." "ווי אַזוי האָט זי געהייסן?" "יענטע" "איר פֿאָטער?" "גרשון" "ווי אַלט איז זי געווען?" "פֿערציק יאָר." "פֿון וואָס איז זי געשטאָרבן?" "פֿון אַ דערשרעק." זאָגט ער: "עס איז נישט גלאַט איך מוז אײַך פֿאַרהאַלטן ביז איך וועל אויספֿאָרשן די זאַך צי עס איז אײַער שוויגער און אַז זי איז געשטאָרבן פֿון אַ שרעק." איז מיר געוואָרן ביטער און איך האָב זיך צעוויינט ווי אַ קליין קינד. "יונגער מאַן" זאָגט צו מיר רֶב׳ יוֹסִי "נָתְנט אים אין יַד" דער אוראַנדיק איז געווען אַ קלוגער און האָט געוווּסט אַז אַלץ וואָס איך זאָג איז שֶׁקֶר. מע האָט מיך איינגעזעצט און איך האָב געהאַט אַ מִשְׁפּט. נאָר דאָס איז געווען גאָר נישט קעגן דעם ווען מײַן שוויגער איז געקומען. זי האָט געשריגן: "זאָג מיר נאָר וואָס האָסטו צו מיר, מיך באַגראָבן לעבעדיקערהייט?" די שוויגער האָט גענומען שרײַען: "דײַן שוויגער יענטע בַּת גרשון לעבט! ווער איז געווען די געשטאָרבענע?" פֿון דעמאָלט אָן אַנטלויף איך פֿון עוֹלָם הַבָּא.

VOCABULARY

| | | | |
|---|---|---|---|
| true (smooth) | גלאַט | to pour | (אָפּ)גיסן |
| person in charge (GABAI) (GABO'IM) | (דער) גַבָּי (גַבָּאִים) | (the) pail | (דער) עמער |
| Mister (REB) | רֶב׳ | (the) hour (SHO) | (די) שָׁעָה |
| Eliezer Moshe (ELIEZER MOYSHE) | אֱלִיעזער מֹשֶׁה | to open up | (אויפֿ)עפֿענען (אויפֿגעעפֿנט) |
| Joseph (YOSI) | יוֹסִי | (the) burial society (KHEVRE KADISHE) | (די) חֶבְרָה קַדִישָׁא |
| entire | גאַנץ | Zvahil (a village) | זוואַהיל |

| | |
|---|---|
| run together | (צענויפֿ)לויפֿן |
| look at | (אָנ)קוקן (אָנגעקוקט) |
| one | איינע(ר) |
| rich | רײַך |
| tear | רײַסן (געריסן) |
| (the) penny | (דער) גראָשן |
| to stop | זיך אָפּשטעלן |
| Government official (Russian) | (דער) אוראַדניק |
| ride a horse | רײַטן |
| from where? | פֿון וואַנען? |
| to which place? | וווּהין? |
| tell! (DABERT) | **דַבֵּרת |
| person living here | אַ היגער |
| mother-in-law (KHAMOYSI) | חמותי |
| give! (NOSENT) | נָתְנס |
| hand (YAD) | יַד |
| Gershon (GERSHEN) | גרשון |
| hold (in jail) | פֿאַרהאַלטן |
| investigate | אויספֿאָרשן |
| bitter | ביטער |
| break into tears | צעוויינען |
| smart | קלוג |
| everything | אַלץ |
| (the) lie (SHEYKER) | (דער) שקר |
| imprison | אײַנזעצן |
| trial (MISHPOT) | (דער) מִשפּט |
| against | קעגן |
| run away | אַנטלויפֿן |

| | |
|---|---|
| the doer (the big shot) | (דער) טוער |
| sit (live) | זיצן |
| find | געפֿינען (געפֿונען) |
| hear | (דער)הערן |
| to look | אַ קוק טאָן |
| truly | טאַקע |
| (the) Synagogue | (די) שול |
| pray | *דאַווענען |
| enough | גענוג |
| own | אייגן |
| strange | פֿרעמד |
| remaining | איבעריק |
| happen | זיך טרעפֿן (געטראָפֿן) |
| miracle (NES) | (דער) נס |
| save | פֿאַרשפּאָרן |
| because | וואָרום |
| hardly | קוים |
| have pity! (HOT RAKHMONES) | האָט רַחמנות |
| cost | קאָסטן |
| (the) money | (דאָס) געלט |
| pay | באַצאָלן |
| kill | קוילען |
| (the) woman | (די) ייִדענע |
| investigation | (דער) פּראָטאָקאָל |
| (the) sweat | (דער) שווייס |
| (the) purse | (דער) טײַסטער |
| alive | לעבעדיקערהייט |

---

*Much has been written about the origin of this word connecting it with "Divinity."

**The Jews used Hebrew words so that the government officials shouldn't understand it. They understood some Yiddish.

GRAMMAR:

1. Preposition with the Dative case and pronouns in the dative:
   The most common prepositions which take the dative are:
   (for) פֿאַר , (with) מיט , (from) פֿון , (to) צו ,(on) אויף

   The dative pronouns are:
   מיר, דיר, אים, איר, אונדז, אײַך, זיי

| | |
|---|---|
| I speak of myself | איך רעדט פֿון מיר |
| I speak of you | איך רעדט פֿון דיר |
| I speak of him | איך רעדט פֿון אים |
| I speak of her | איך רעדט פֿון איר |
| I speak of us | איך רעדט פֿון אונדז |
| I speak of you | איך רעדט פֿון אײַך |
| I speak of them | איך רעדט פֿון זיי |

2. Pronouns in the Accusative;
   The direct object pronouns are:
   מיך, דיך, אים, זי, אונדז, אײַך, זיי.

| | |
|---|---|
| I see me (myself) | איך זע מיך |
| I see you | איך זע דיך |
| I see him | איך זע אים |
| I see her | איך זע זי |
| I see us | איך זע אונדז |
| I see you | איך זע אײַך |
| I see them | איך זע זיי |

3. Plural formation of Hebrew nouns:
   The plural of Hebrew nouns is the same as in Hebrew:
   Nouns ending in the singular in ָה usually end in וֹת
   f.e. חַלָּה - חַלוֹת שָׁעָה - שָׁעוֹת
   Other nouns end in ִים:
   גַּנָּב - גַּנָּבִים גַּבַּי - גַבָּאִים יִד -יָדַיִם
   The word for circumcision בְּרית
   has an irregular plural: בְּריתן

EXERCISES TO LESSON VI:

1. Write the personal pronouns after these prepositions:
   (me)_____ אויף(him)_____ מיט(us)_____ צו (Me)_____ פֿון
2. Sholom Aleykhem claims that his mother-in-law died of a fright. Explain this in the light of his business activity. Why is her death a wish fulfillment?

3. Explain these words: מֵת, גַבָּאִים, חֶבְרָה־קַדִישָׁה, אוראַנדיק
4. Which Hebrew words did the גַבּאי use to שָׁלוֹם־עֲלֵיכֶם so that the אוראַנדיק should not understand what he is saying?
5. How would you say נָתְנט אים אין ײַד in Yiddish?
6. Answer in Yiddish:

וועד זײַנען די גַבָּאִים?
ווו איז רֶב' שעפּסל?
וואָס זאָגט רֶב' שעפּסל וועגן דעם שטעטל?
וואָס טוט שָׁלוֹם־עֲלֵיכֶם מיטן טײַסטער און מיטן געלט?
וואָס פֿרעגט דער אוראַנדיק?

7. Fill in the blanks:

מײַן ______ איז געשטאָרבן.
די שוויגער איז געשטאָרבן פֿון אַ ______.
די שוויגער שרײַט: דײַן שוויגער יענטע בַּת גֶרְשׁוֹן ______.
דער אוראַנדיק האָט אַלץ פֿאַרשריבן אויף ______.
פֿון דעמאָלט אַנטלויף איך פֿון ______.

8. Translate:
I knocked on the door of the Inn. The Innkeeper did not open the door. He sent me to see the people in charge. Reb Shepsl said it was a poor town. I gave him a purse with money. The poor people said: "His rich mother-in-law died; she left him a lot of money." The official knew everything was a lie. My mother-in-law said: "You buried me alive."

9. In their early youth, Mendele lost his father and Sholom Aleykhem his mother. Show how the death of each parent influenced the writing and the outlook towards society of each author.

PASSOVER SONG:

| | |
|---|---|
| One, one, one, who knows what one means? | אײנס, אײנס, אײנס ווער ווײס וואָס אײנס מײנט? |
| I know, I know, I know what one means. | איך ווײס, איך ווײס, איך ווײס וואָס אײנס מײנט. |
| One is The Holy One, Blessed be He<br>On the Earth, in Heaven<br>One is only you. | אײנער איז הַקָדוֹש בָּרוּך הוּא<br>אויף דער ערד, אין הימל<br>אײנער ביסט נאָר דו. |
| Two, two, two, who knows what two means? | צווײ, צווײ, צווײ, ווער ווײס וואָס צווײ מײנט? |
| I know, I know, I know what two means. | איך ווײס, איך ווײס, איך ווײס וואָס צווײ מײנט. |

The Tablets of Saphire
They were written by the
Almighty himself.
One is the Holy One,
Blessed be He
On the Earth, in Heaven
One is only You.

צוויי לוחות פֿון דעם סאַפּירשטיין
געשריבן האָט זיי דער
אייבישטער אַליין
איינער איז
הקדוש ברוך הוא
אויף דער ערד אין הימל
איינער ביסט נאָר דו.

Three, three, three, who khows
what three means?
I know, I know, I know
what three means.
We have three forefathers
Abraham, Isaac and Jacob
of Blessed memory
Two Tablets of Saphire
They were written by the
Almighty Himself
One is the Holy One,
Blessed be He
On the Earth, in Heaven
One is only You.

דרײַ, דרײַ, דרײַ
ווער ווייס וואָס דרײַ מיינט?
איך ווייס, איך ווייס, איך ווייס
וואס דרײַ מיינט.
דרײַ אָבֿות זײַנען בײַ אונדז דאָ
אַבֿרהם, יצחק ויעקבֿ
זכרונם לברכה.
צוויי לוחות פֿון דעם סאַפּירשטיין
געשריבן האָט זיי דער
אייבישטער אַליין
איינער איז
הקדוש ברוך הוא
אויף דער ערד אין הימל
איינער ביסט נאָר דו.

Four, four, four, who knows
what four means?
I know, I know, I know
what four means.
We have four Mothers
Sarah, Rebecca, Rachel and Leah
We have three forefathers
Abraham, Isaac and Jacob
Of blessed memory.
Two Tablets of Saphire
They were written by the
Almighty Himself.
One is the Holy One,
Blessed be He
On the Earth, in Heaven
One is only You.

פֿיר, פֿיר, פֿיר, ווער ווייס
וואָס פֿיר מיינט?
איך ווייס, איך ווייס, איך ווייס
וואָס פֿיר מיינט.
פֿיר אימהות זײַנען בײַ אונדז דאָ
שׂרה, רבֿקה, רחל, ולאה.
דרײַ אָבֿות זײַנען בײַ אונדז דאָ
אַבֿרהם, יצחק ויעקבֿ
זכרונם לברכה
צוויי לוחות פֿון דעם סאַפּירשטיין
געשריבן האָט זיי דער
אייבישטער אַליין
איינער איז
הקדוש ברוך הוא
אויף דער ערד אין הימל
איינער ביסט נאָר דו.

## דאָס גרויסע געווינס

(שלום עליכם)

אַז איז באַשערט דאָס גרויסע געווינס, קומט דאָס גליק אין שטוב אַרײַן. דאָס איז געווען מיט נײַן אָדער צען יאָר צוריק. איך בין דעמאָלט געווען אַ גרויסער קבצן, דער זעלביקער טבֿיה, די אייגענע יענטע נאָר אַנדערש געשלייערט. איצט בין איך אויך ווײַט פֿון אַ נגיד. אָבער הײַנט האָב איך אַ פֿערד און וועגעלע, מיט בהמות וואָס מעלקען זיך, עס איז דאָ קעז און פּוטער און סמעטענע, פֿרישע אַלע טאָג און מיר אַלע אַרבעטן, קיינער זיצט נישט ליידיק, מײַן ווײַב מעלקט די בהמות, די קינדער שלאָגן פּוטער און איך אַליין פֿאָר אַרויס אַלע פֿרי מאָרגן אויפֿן מאַרק און גיי דורך אַלע דאַטשעס אין בויבעריק און יעהופּעץ, שבת בין איך אַ מלך. איך קוק אַרײַן אין אַ ייִדישן ספֿר אָדער אין אַ חומש.

אָבער מיט צען יאָר צוריק בין איך געווען אַן אָרעמאַן. געשטאָרבן דרײַ מאָל אַ טאָג מיט ווײַב און קינדער פֿון הונגער, איך האָב געשלעפּט קלעצער פֿון'ם וואַלד צום וואַגזאַל פֿאַר צוויי גילדען אַ טאָג. וואָס טוט גאָט? ער זעט ווי איך מוטשע מיך אויפֿן שטיקל ברויט, זאָגט ער צו מיר: "דו מיינסט דאָך טבֿיה אַז דער הימל איז אויף דיר געפֿאַלן, פֿע! ביסט אַ גרויסער נאַר! אַז גאָט וויל נאָר טוט זיך דאָס מזל אַ דריי, אַ ייִד דאַרף האָפֿן. איך דערצייל אײַך ווי גאָט האָט מיט מיר געפֿירט ניסים.

איין מאָל פֿאַרנאַכט פֿאָר איך זומערצײַט אין וואַלד, שוין צוריק אַהיים אָן די קלעצער. אין האַרצן איז פֿינצטער. דאָס פֿערדל קוים וואָס עס שלעפּט די פֿיס. די זון זעצט זיך. די שאָטנס פֿון די ביימער זײַנען לאַנג ווי דער ייִדישער גלות. עס הייבט אָן ווערן פֿינצטער און פֿאַרשיידענע געדאַנקען קריכן אין קאָפּ אַרײַן. איך דערמאָן זיך אין מײַן היים. די שטוב איז פֿינצטער. די קינדערלעך נאַקעט און באָרוועס וואַרטן אויפֿ'ן טאַטען דעם שלימזל ער זאָל ברענגען ברויט. מײַן פֿרוי וויינט. מען איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש, ווי זאָגט איר: "אַ בשׂר ודגים."*

איך טראַכט וועגן די יעהופּעצער נגידים וואָס זיצן אַ גאַנצן זומער אין בויבעריק אויף דאַטשע. איך רעדט צו גאָט: "זע נאָר גאָט ווי מיר אָרעמע לײַט האָרעווען!" דאָס פֿערדל האָט זיך אָוועקגעשטעלט, איך הייב אויף די אויגן, עס קומען מיר אַנטקעגן פֿון וואַלד צוויי מענטשן. "גזלנים" האָב איך געקלערט. "רבֿ ייִד" זאָגט צו מיר איינע פֿון זיי מיט אַ קול פֿון אַ פֿרוי: "שטעלט זיך אָפּ רבֿ ייִד" -- איך שטעל אָפּ דאָס פֿערדל. איך הייב אָן אָנצוקוקן גוט די צוויי מענטשן. איינע איז אַן עלטערע מיט אַ זײַדן טיכל, די אַנדערע אַ ייִנגערע. "וווּ איז דער וועג קיין בויבעריק?" פֿרעגט די ייִנגערע. "מיר זײַנען אין בויבעריק אויף דאַטשע זײַנען מיר געגאַנגען שפּאַצירן און מיר האָבן פֿאַרבלאָנדזשעט און קענען נישט געפֿינען דעם וועג צוריק. ווען מיר האָבן אײַך דערזען

---

*Literally it means meat (בָּשָׂר) and fish (דָגִים) the expression for a human being is בָּשָׂר וָדָם (flesh and blood). This is one of the mistakes characteristic of טבֿיהס language.

האָבן מיר געמיינט אַ "גזלן". "פֿירט אונדז קיין בויבעריק!" "איך פֿאָר פֿון בויבעריק און איר דאַרפֿט קיין בויבעריק! ווי קומט די קאַץ איבער'ן וואַסער?" "פֿאַרקערעווע דאָס וועגעלע און פֿאָרט צו-ריק!" זאָגן זיי צו מיר. איך פֿאַרקערעווע דאָס וועגעלע אָבער דאָס פֿערד וויל זיך נישט רירן פֿון אָרט. "גיט אים מיטן בײַטש." זאָגן זיי, "איר האָט דאָך אַ בײַטש." "מײַן פֿערדל איז אַזוי געוווינט צום בײַטש ווי איך מיטן דלות" זאָג איך. "וואָס האָט איר אַזוי קיין צײַט נישט? פֿון אײַלעניש קומט קיין גוטס נישט אַרויס." איך האָב אויס-געלאָזט מײַן גאַנץ ביטער האַרץ צום פֿערדל און עס נעמט לויפֿן.
"וווּ ווילט איר פֿאָרן אין בויבעריק?" פֿרעג איך און זאָג: "בעסער צווייִמאָל פֿרעגן איידער איינמאָל בלאָנדזשען." "איר וועט אונדז צופֿירן צו דער גרינער דאַטשע וואָס איז בײַן טײַך" זאָגן זיי.

אָנקומענדיק אין דאַטשע איז געוואָרן אַ שׂמחה, אַ געשריי: "די באָבע! די מאַמע! די מומע!" מען האָט געברענגט די טײַערסטע מאכלים מיט די בעסטע ווײַנען. "אַ ביסל בראָנפֿן?" פֿרעגט דער בעל־הבית. "יאָ" זאָג איך "לחיים! זענט איר אַ באַווײַבטער און האָט איר קינדער? וויפֿל קינדער?" פֿרעגט דער בעל־הבית. "געלט האָבן די נגידים און איך האָב טעכטער" זאָג איך "אַז מע האָט טעכטער פֿאַרגייט דאָס געלעכטער."

דער גביר האָט מיר געגעבן צען רובל, און אַ בהמה וואָס גיט מילך. געקומען אַהיים האָב איך אויפֿגעוועקט מײַן פֿרוי און קינדער. ווי זיי האָבן דערזען בולקעס און פֿלייש זײַנען זיי באַפֿאַלן דעם טיש ווי די הונגעריקע וועלף. איך האָב זיי דערציילט די גאַנצע מעשׂה. מײַן פֿרוי האָט גענומען וויינען. "וואָס* וויינסטו" פֿרעג איך. "אַז דאָס האַרץ איז פֿול גייען די אויגן איבער," זאָגט זי. "וואָס דענקסטו צו טאָן מיט אַזוי פֿיל געלט?" "איך וועל קויפֿן אַ בהמה און ברענגען די יעהופּעצער מענטשן קעז, מילך, פוטער און סמעטענע אַלע טאָג, פֿריש אין שטוב אַרײַן." "פֿון וואַנען האָט טבֿיה גענומען דאָס געלט?" פֿרעגן די ייִדן. "ברעכט אײַך די קעפּ ייִדן, אָבער איר ווייסט דעם אמת פֿאַני שלום־עליכם."

---

* וואָס is short for פֿאַרוואָס -- why?

VOCABULARY:

| | | | |
|---|---|---|---|
| wagon | (דער) וואָגן (וועגעלע) | (the) lottery | (דאָס) געווינס |
| (the) cow (BEHEYME) (BEHEYMES) | (די) בהמה (בהמות) | big | גרויס |
| (give) milk | (זיך) מעלקן | destined | באַשערט |
| (the) butter | (די) פוטער | nine years ago | מיט נײַן יאָר צוריק |
| sweet cream | (די) סמעטענע | (the) same | (דער) זעלביקער |
| fresh | פֿריש | the same yente | די אייגענע יענטע |
| work | אַרבעטן | differently veiled | (אַנדערש) געשלייערט |
| empty | ליידיק | | |

| | |
|---|---|
| hardly | קוים |
| to set (sit down) | זיך זעצן |
| (the) shadow (shade) | (דער) שאָטן (שאָטנס) |
| tree | (דער) בוים (ביימער) |
| various | פֿאַרשיידענ(ע) |
| to remember | זיך דערמאָנען |
| (the) home | (די) היים |
| children | (די) קינדער(לעך) |
| naked | נאַקעט |
| barefoot | באָרוועס |
| wait for | וואַרטן אויף |
| bring | ברענגען (געבראַכט) |
| wife (woman) | (די) פֿרוי |
| (not) more than | (נישט) מער ווי |
| (the) person | (דער) מענטש |
| meat (flesh) and fish (BOSOR VEDOGIM) | בָּשָׂר וְדָגִים |
| concerning | וועגן |
| work hard | האָרעווען |
| lift (up) | (אויפֿ)הייבן |
| robbers (GAZLONIM) | גזלָנים |
| think | קלערן |
| (the) voice (KOL) | (דאָס) קול |
| older | עלטער |
| (the) silk | (די) זײַד |
| younger | יינגער |
| (the) way (road | (דער) וועג |
| go for a walk | גיין שפּאַצירן |
| lose one's way | פֿאַרבלאָנדזשען |
| (the) cat | (די) קאַץ (קעץ) |
| (the) water | (דאָס) וואַסער |
| turn around | פֿאַרקערעווען |

| | |
|---|---|
| go (through) | (דורכ)גיין |
| summerhouse | (די) דאַטשע |
| Boyberik (village) | בויבעריק |
| Yehupetz (village) | יעהופּעץ |
| king (MELEKH) | (דער) מֶלֶך |
| (the) book (SEYFER) | (דער) סֵפֶר |
| Bible (KHUMISH) | (דער) חומש |
| three times daily | דרײַ מאָל אַ טאָג |
| (the) hunger | (דער) הונגער |
| (the) piece of wood (log) | (דער) קלאָץ (קלעצער) |
| (the) forest | (דער) וואַלד (וועלדער) |
| of the | פֿונ'ם=פֿון דעם |
| (the) waiting room of the train station | (דער) וואָגזאַל |
| (the) 'gulden' Polish money | (דער) גילדן |
| to work hard | זיך מוטשען |
| (the) sky | (דער) הימל |
| (the) piece of bread | (דאָס) שטיקל ברויט |
| (the) fool | (דער) נאַר |
| turn around | זיך טאָן אַ דריי |
| luck (MAZL) | (דאָס) מַזָל |
| hope | האָפֿן |
| make miracles (NISIM) | פֿירן נִיסים |
| (one) time | (איין) מאָל |
| before nightfall | פֿאַר נאַכט |
| summertime | זומערצײַט |
| home | אַהיים |
| without | אָן |
| (in my) heart | (אין) האַרצן |

| | | | |
|---|---|---|---|
| with a wife | באַווײַבט | (the) whip | (די) בײַטש |
| how many? | וויפֿל | used | געוווינט |
| one loses | (עס) פֿאַרגייט | poverty (DALES) | (דער) דלות |
| laughter | (דאָס) געלעכטער | (the) hurry | (די) אײַלעניש |
| Rubl (money) | (דער) רובל | let out | אויסלאָזן |
| awaken | (אויפֿ)וועקן | twice (two times) | צוויי מאָל |
| (the) roll | (די) בולקע | before | איידער |
| fall on | באַפֿאַלן | (the) river | (דער) טײַך |
| wolf | (דער) וואָלף (וועלף) | arriving | אָנקומענדיק |
| start to cry | נעמען וויינען | joy (SIMKHE) | (די) שׂמחה |
| flow over (go over) | איבערגיין | (the) scream | (דער) געשריי |
| figure | רעכענען | food (MAYKHEL) | (דער) מאכל |
| every day | אַלע טאָג | (the) wine | (דער) ווײַן |
| break | ברעכן | (the) whiskey | (דער) בראָנפֿן |
| | | to life (LEKHA'YIM) | לחיים |

## II. Grammar:

1. The Present Participle:* אָנקומענדיק, וואַרטנדיק

   To form the present participle we add דיק to the infinitive of the verb:

   קומען - קומענדיק coming
   וואַרטן - וואַרטנדיק waiting

2. Verbs with special prepositions:
   Yiddish has verbs which are followed by special prepositions In English we say "wait for" but in Yiddish we use the preposition "on."

   wait for — וואַרטן אויף
   hope for — האָפֿן אויף
   to remember — זיך דערמאָנען אין
   I remember my mother — איך דערמאָן זיך אין מײַן מאַמען

3. Word order:
   In a Yiddish sentence, the verb must be the second element not necessarily the second word:

   דער טאַטע / גייט / אַהיים

---

*The present participle is never used with the verb "to be." I am coming is translated by איך קום

We can also say: אַהיים / גייט / דער אַלטער טאַטע

4. Special construction in Yiddish:

| | |
|---|---|
| start to cry | נעמען וויינען |
| start to talk | נעמען רעדן |
| start to laugh | נעמען לאַכן |
| I start to cry | איך נעם וויינען |
| nine years ago | מיט נײַן יאָר צוריק |

## III. GRAMMAR REVIEW:

Give the form of these verbs in the present perfect and in the future:

מיר אַרבעטן, איך שלעפּ, ער פֿאַלט, זי וויינט, מיר קומען

## IV. SAYINGS IN YIDDISH:

| | |
|---|---|
| The same Yente in a different veil. | די אייגענע(זעלבע) יענטע, נאָר אַנדערש געשלייערט. |
| Luck turns. | דאָס מזל טוט זיך אַ דריי. |
| To drag one's feet. | שלעפּן די פֿיס. |
| Long as the Jewish exile. | לאַנג ווי דער ייִדישער גלות. |
| A lost soul. | אַ פֿאַרבלאַנדזשעטע נשמה. |
| How does the cat cross the water?* | ווי קומט די קאַץ איבערן וואַסער? |
| From hurry no good comes. | פֿון אײַלעניש קומט קיין גוטס ניש |
| Better to ask twice than to get lost once. | בעסער צוויי מאָל פֿרעגן אײדער איין מאָל בלאָנדזשען. |
| If one has daughters one looses laughter (sense of humor). | אַז מע האָט טעכטער פֿאַרגיסט דאָס געלעכטער, |
| When the heart is full, the eyes overflow. | אַז דאָס האַרץ איז פֿול גייען די אויגן איבער. |

## V. SONG: אין דער פֿינצטער (זישע לאַנדוי)

| | |
|---|---|
| In the darkness your eyes shine brighter. | אין דער פֿינצטער שײַנען דײַנע אויגען העלער. |
| In the darkness your hands are smaller. | אין דער פֿינצטער זײַנען דײַנע הענטלעך קלענער. |
| In the darkness far from me in quiet peace | אין דער פֿינצטער ווײַט פֿון מיר אין שטילער רו |
| In the darkness more beautiful, dearer, sweeter lovelier are you. | אין דער פֿינצטער שענער טײַערער זיסער באַרציקער ביסטו. |

---

*How can the problem be solved?

EXERCISES TO LESSON VII:

1. Give the present participle of the following words, then translate: האָפֿן, קלערן, אָנקומען

2. Conjugate in the present tense the following reflexive verbs:
   - I sit down זיך זעצן (איך זעץ זיך)
   - I work hard זיך מוטשען (איך מוטשע זיך)
   - I remember זיך דערמאַנען (איך דערמאַן זיך)

3. Conjugate in the present these verbs with separable prefixes:
   - I lift אויפֿהייבן (איך הייב אויף)
   - I wake up (someone) אויפֿוועקן (איך וועק אויף)

4. Say in Yiddish: (Use the construction with נעמען)
   He starts to cry, she starts to break, we start to run, you (pl.) start to laugh.

5. Say in Yiddish:
   I wait for my mother, we wait for him. I remember my aunt Yente. She waits for rain.

6. Change the word order of the following sentences:

   איךפֿאָר אַלע פֿרי מאָרגן אויפֿן מאַרק.

   ער ברענגט קעז און סמעטענע אין שטאָט.

7. Answer in Yiddish:

   1. וואָס טוט טבֿיה׳ס ווײַב און זײַנע קינדער הײַנט?
   2. ווּ זיצן די יעהופּעצער נגידים זומערצײַט?
   3. ווער קומט טבֿיה אַנטקעגן?
   4. ווּ וווינען די צוויי ווײַבער?
   5. וואָס גיט דער בעל־הבית טבֿיהן?
   6. וואָס ווילן וויסן די ייִדן פֿון בויבעריק?

8. Match the following sayings:

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1) | ווי קומט די קאַץ | a) | פֿאַרגייט דאָס געלעכטער |
| 2) | די אייגענע יענטע | b) | איידער איינמאָל בלאָנדזשען |
| 3) | אַז מע האָט טעכטער | c) | גיין די אויגן איבער |
| 4) | אַז דאָס האַרץ איז פֿול | d) | איבערן וואַסער |
| 5) | בעסער צוויי מאָל פֿרעגן | e) | נאָר אַנדערש געשלייערט |

## LESSON VIII

### Isaac Leybush Peretz (1852-1915)

He was the first Yiddish writer to treat the mystic and Khasidic tradition. Peretz shows how this mysticism frees the Jew from the chains of the narrow life in "the shtetl." His father was not too successful in business and his mother had to shoulder most of the burden for the support of the family. At 18 he was married to the daughter of an enlightened Jewish intellectual who, being very educated in secular subjects, looked down on Peretz and his writings, even though he was a secularist himself, knowing Polish, Russian and German. He was divorced from his wife five years later and got custody of their son. He subsequently became a lawyer and remarried. This time the marriage was happy. He was accused of socialist activity and lost the right to practice law. This injustice strengthened the ties to his own people and he began to write in Yiddish even though he had originally written in Hebrew. He is most famous for his Khasidic Tales. There was a great chasm between the Khasidim (mostly Polish Jews) who wore a special garb and the "Litvakim" (Lithuanian Jews). They differed in their basic philosophy of life. The Khasidim believed that only a few chosen Jews, namely those who were their leaders and whom they called "Rebe" were holy enough to be heard by the Almighty. Thus each group would follow a particular "Rebe." The Khasidim would pray to the Almighty with fervor and joy but would rely on the "Rebe" to intercede for them with the Almighty on special occasions. They would then tell tales of miracles performed by their particular "Rebe." The philosophy of the "Litvakim" was a more rational one. They claimed that each Jew was obliged to study the Torah (the Jewish law) himself and that God would listen to every Jew; that no Jew needed an intermediary to intercede with God but was worthy to be heard before God himself. The "Litvakim" stressed the study of the law before service to the Almighty. They felt that long hours of prayer took away time from the study of the Torah and they were sceptical whenever a Khasid would relate a miracle performed by his "Rebe."

Peretz's story "If not Higher" tells of the conversion of a "cold Litvak" into a "fervent Khasid." The story basically criticizes both the Litvak and the Khasid -- the Litvak for his idea of enlightenment and stress on scholarship, and the Khasid for sacrificing everything to the service of the Lord. Peretz's social consciousness is seen in his assumption that a human being can only serve God if he helps another human being. The mythos of "self sacrifice" מְסִירַת נֶפֶשׁ (MESIRAS NEFESH) which Peretz stresses is a concept which connects his writings with the Jewish mythos in the Talmud and Midrash.

The story "If not Higher" tells of a "Litvak" who arrives in a Khasidic town before the High Holidays (the days before the Jewish New Year are called "Slikhos-time." Prayers of repentance are said each day.) In this town - Nemirov - the "Rebe" used to disappear Slikhos time. The inhabitants wondered where the "Rebe" would be at such an important time for Jews. The Khasidim claimed he was in heaven interceding with God for the Jews of Nemirov and all the Jews in the world; but the Litvak pointed out to them that even Moses, the great leader of the Jews, never went to heaven in his lifetime. "So where can the Rebe be?" they asked him. Then the Litvak decided to find out. He went into the "Rebe's" house and hid under the "Rebe's" bed...

## אויב נישט נאָך העכער

(פֿון י.ל. פּרץ)

.....פֿאַרטאָג הערט ער (the Litvak) מען קלאַפּט* צו סליחות.

דער רבי איז שוין נישט געשלאָפֿן אַ צײַט. ער הערט אים שוין אַ גאַנצע שעה קרעכצן. ווער עס האָט געהערט דעם נעמיראָווער רבּ׳ן קרעכצן ווייס וויפֿל צער פֿאַר כּל ישׂראל איז אין זײַן יעדן קרעכץ -- אַ ליטוואַק האָט אָבער אַן אײַזערן האַרץ, הערט ער צו און ליגט ווײַטער! דער רבי ליגט אויך: דער רבי, זאָל לעבן, אויפֿן בעט, דער ליטוואַק אונטערן בעט.

דערנאָך הערט דער ליטוואַק ווי עס קלאַפּן אויף און צו די טירן, און די פֿאַמיליע איז אַרויס פֿון שטוב, און עס ווערט ווידער שטיל און פֿינצטער, דורכ׳ן לאָדן שײַנט קוים אַ קליין ביסל ליכט פֿון דער לבֿנה.

ווען ער איז געבליבן איינער אַליין מיטן רבּ׳ן איז דעם ליטוואַק באַפֿאַלן אַ שרעק.

אַ קליינינקייט! מיט׳ן רבּ׳ן, אין סליחות צײַט, פֿאַרטאָג, אַליין אין שטוב!

אַ ליטוואַק איז דאָך אָבער איינגעשפּאַרט, ציטערט ער ווי אַ פֿיש אין וואַסער און ליגט --

---------

ענדלעך שטייט דער רבי, זאָל לעבן, אויף...

פֿריער טוט ער וואָס אַ ייִד דאַרף טאָן**... דערנאָך גייט ער צו דעם קליידער אַלמער און נעמט אַרויס אַ פּעקל...עס באַווײַזן זיך פּויערישע קליידער: גרויסע שטיוול, אַ גרויס היטל מיט אַ לאַנגען לעדערנעם פּאַס.

דער רבי טוט עס אָן...

פֿון דער קעשענע הענגט אַרויס אַ גראָבער שטריק...

דער רבי גייט אַרויס, דער ליטוואַק גייט נאָך!

אין קיך, פֿון אונטער אַ בעט, נעמט דער רבי אַרויס אַ האַק. ער לייגט

---

*The Sexton knocked onthe windows to wake people to go to "Slikhot."

** A person is supposed to wash his hands and say the "Mode Ani" thanking God for returning his soul to him again.

זי אונטערן פאַס און גייט אַרויס פֿון שטוב.
דער ליטוואַק ציטערט, נאָר ער גייט נאָך.

----------

...דער רבי גייט אין די זייטן פֿון די גאַסן, אין די שאָטן פֿון די הײַזער...פֿון איין הויז צום אַנדערן שווימט ער אַרויס און דער ליטוואַק נאָך אים...

און דער ליטוואַק הערט ווי זײַן אייגן האַרץ קלאַפּן מישט זיך צוזאַמען מיטן קול פֿון רבֿיס שווערע טריט: אָבער ער גייט און קומט צוזאַמען מיטן רבין פֿון שטאָט אַרויס.

----------

הינטער דער שטאָט שטייט אַ וועלדל. דער רבי, זאָל לעבן, גייט אין וועלדל אַרײַן, ער שטעלט זיך אָפּ ביי אַ ביימל. ער נעמט אַרויס פֿון פאַס די האַק און שלאָגט אין ביימל אַרײַן.

דער ליטוואַק זעט ווי דער רבי האַקט און האַקט, און דאָס ביימל פֿאַלט. און דער רבי מאַכט זיך אַ בינטל האָלץ. ער וואַרפֿט דאָס בינטל האָלץ איבער די פּלייצעס, שטעקט צוריק אַרײַן די האַק אין פאַס און גייט אַרויס פֿון וואַלד, צוריק אין שטאָט אַרײַן.

אין אַ הינטערגעסל שטעלט ער זיך אָפּ ביי אַן אָרעמען הײַזל און קלאַפּט אָן אין פענצטער.

-ווער איז? פֿרעגט מען דערשראָקן פֿון שטוב אַרויס. דער ליטוואַק דערקענט אַז עס איז דאָס קול פֿון אַ ייִדענע, פֿון אַ קראַנקער ייִדענע.

דער רבי ענטפֿערט: וואַסיל!

-וואָס פֿאַר אַ וואַסיל און וואָס ווילסטו וואַסיל?

-האָלץ, זאָגט דער פֿאַרשטעלטער וואַסיל, האָב איך צו פֿאַרקויפֿן, זייער ביליק, האָלץ - און נישט וואַרטענדיק אויף אַן ענטפֿער גייט דער רבי אין שטוב אַרײַן.

----------

דער ליטוואַק גנבֿעט זיך אויך אין שטוב אַרײַן, און בײַם גרויען ליכט פֿון פֿריען מאָרגן, זעט ער אַן אָרעמע שטוב...אין בעט ליגט אַ קראַנקע ייִדענע געוויקלט אין שמאַטעס, און זי זאָגט מיט אַ ביטער קול:

-קויפֿן? מיט וואָס זאָל איך קויפֿן? ווו האָב איך אָרעמע אַלְמָנָה געלט?

-איך וועל דיר באָרגן! ענטפֿערט דער פֿאַרשטעלטער וואַסיל, אין גאַנצן זעקס גראָשן!

-פֿון וואַנען וועל איך דיר באַצאָלן? קרעכצט די אָרעמע ייִדענע.

-נאַרישע פֿרוי! זאָגט דער רבי - זע, דו ביסט אַן אָרעמע, קראַנקע ייִדענע און איך געטרוי דיר דאָס ביסל האָלץ, און בין בָּטוּחַ אַז דו וועסט באַצאָלן, און דו האָסט אַזאַ גרויסן שטאַרקן גאָט, און געטרויסט אים נישט...און האָסט אויף זעקס גראָשן פֿאַרן בינטל האָלץ קיין בִּטָחוֹן נישט!

-און ווער וועט מיר איינהייצן? קרעכצט די אַלְמָנָה.

-איך וועל דיר איינהייצן אויך - זאָגט דער רבי.

און אַרײַנלייגנדיק דאָס האָלץ אין אויוון, האָט דער רבי קרעכצנדיק געזאָגט פֿון סליחות דעם ערשטן טייל...

און אַז ער האָט עס אָנגעצונדן און דאָס האָלץ האָט געברענט האָט ער געזאָגט שוין אַ ביסל פֿריילעכער פֿון די סְלִיחוֹת דעם צווייטן

טייל.
דעם דריטן טייל האָט ער געזאָגט ווען ער האָט דעם אויוון פֿאַר-
מאַכט...

-----------

דער ליטוואַק וואָס האָט דאָס אַלץ געזען איז שוין געבליבן אַ נעמיראָווער חָסִיד.

און שפּעטער אויב אַ חָסִיד האָט אַמאָל דערציילט אַז דער נעמיראָ-ווער הייבט זיך אויף סְלִיחוֹת צײַט יעדן פֿרימאָרגן און פֿליט אַרויף אין הימל אַריין, פֿלעגט שוין דער ליטוואַק נישט מער לאַכן, נאָר צוגעבן שטילערהייט:

-אויב נישט נאָך העכער!-

VOCABULARY:

| | | | |
|---|---|---|---|
| become | ווערן | if not still higher | אויב נישט נאָך העכער |
| again | ווידער | before daybreak | פֿאַרטאָג |
| through (the) | דורכ(ן) | prayers before ראש השנה (SLIKHOS) | *סְלִיחוֹת |
| (the) shutter | (דער) לאָדן | sleep | שלאָפֿן |
| shine | שײַנען | name of a village | נעמיראָוו |
| a little bit | אַ קליין ביסל | he knows | ער ווייס |
| (the) light | (דאָס) ליכט | the pain (TSAR) | (דער) צַעַר |
| (the) moon (LEVONE) | (די) לְבָנָה | all the Jews (KOL YISRO'EL) | כָּל יִשְׂרָאֵל |
| remain | בלײַבן (געבליבן) | iron (adj) | אײַזערן |
| (the) Lithuanian | (דער) ליטוואַק | listen | (צו)הערן |
| befall | באַפֿאַלן | lie | ליגן |
| not a small matter | אַ קלייניגקייט | more (further) | ווײַטער |
| stubborn | אייגעשפּאַרט | also | אויך |
| shiver | ציטערן | may he live long | זאָל לעבן |
| (the) fish | (דער) פֿיש | on the | אויפֿן |
| finally | ענדלעך | (the) bed | (דאָס) בעט |
| to get up | אויפֿשטיין | open and shut | אויף און צו |
| earlier | פֿריער | (the) family | (די) פֿאַמיליע |
| (the) clothes closet | (דער) קליידער אַלמער | (go) out | אַרויס |
| (the) package | (דאָס) פּעקל | | |

---

*These prayers begin on Saturday night before רֹאשׁ הַשָּׁנָה. They must be said each day, at least four days before רֹאשׁ הַשָּׁנָה. If there are less than four days from Saturday night to רֹאשׁ הַשָּׁנָה then סְלִיחוֹת have to begin the Saturday night before.

| | | | |
|---|---|---|---|
| (the) answer | (דער) ענטפֿער | to show oneself | זיך באַוויַיזן |
| into it | אַריַין | peasant (adj) | פּויעריש |
| to steal (GANVEN) | גַנבֿעַן | boots (plural) | (די) שטיוול |
| gray | גרוי | (the) hat | (דאָס) היטל |
| (the) light | (דאָס) ליכט | leather | לעדער |
| (the) morning | (דער) מאָרגן | (the) belt | (דער) פּאַס |
| wrapped up | געוויקלט | hang out | אַרויסהענגען |
| (the) rag | (די) שמאַטע | (the) kitchen | (די) קיך |
| to buy | קויפֿן | (the) hatchet | (די) האַק |
| (the) widow (AIMONE) | אַלמָנה | (the) shadow | (דער) שאָטן |
| to lend | באָרגן | (the) side | (די) זיַיט |
| only | אין גאַנצן | to swim | שווימען |
| six | זעקס | heart beat | (דאָס) האַרצקלאַפּן |
| foolish | נאַריש | mix | מישן |
| to trust | (גע)טרויען | heavy | שווער |
| have confidence (BETU'AKH) | (זיַין) בָטוּחַ | behind | הינטער |
| | | little forest | (דאָס) וועלדל |
| make a fire | איינהיַיצן | little tree | (דאָס) ביַימל |
| strong | שטאַרק | to chop | האַקן |
| (the) trust (BETOKHEN) | בִּטָחוֹן | (the) bundle | (דאָס) בינטל |
| to put (in) | (אַריַינ)לייגן | (the) wood | (דאָס) האָלץ |
| to light | אָנצינדן (אָנגעצונדן) | (the) shoulder | (די) פּלייצע |
| happy | פֿריילעך | put | שטעקן |
| (the) second | (דער) צווייטער | (the) back street | (דאָס) הינטערגעסל |
| (the) third | (דער) דריטער | | |
| remain | בליַיבן (געבליבן) | frightened | דערשראָקן |
| Khasid (KOHSID) | (דער) חָסיד | recognize | דערקענען |
| late(r) | שפּעט(ער) | sick | קראַנק |
| if (when) | אויב | Vassil (Russian name) | וואַסיל |
| to get up | זיך אויפֿהייבן | disguished | פֿאַרשטעלט |
| fly (up) | (ארויפֿ)פֿליִען | to sell | פֿאַרקויפֿן |
| add | צוגעבן | cheap | ביליק |
| quietly | שטילערהייט | wait(ing) | וואַרטנ(דיק) |

II. GRAMMAR:

1. Contraction of definite article:
Prepositions and the Dative of the definite article in the masculine and neuter can be contracted:

| | | | |
|---|---|---|---|
| through the | דורך דעם | becomes | דורכ'ן |
| on the | אויף דעם | becomes | אויפ'ן |
| with the | מיט דעם | becomes | מיט'ן |

If the prepositions ends in ן f.e. פון then פון דעם becomes פונ'ם
f.e. פון דעם רבין - פונ'ם רבין
The feminine dative cannot be contracted. We must say פון דער פרוי, מיט דער פרוי.

2. Endings of Adjectives:
a) Masculine adjectives in the singular add ער
Feminine and neuter adjectives add ע
דער נארישער מאן, די נארישע פרוי, דאס נארישע קינד.

b) In the plural all adjectives add ע
די נארישע מענער, די נארישע פרויען, די נארישע קינדער.

III. GRAMMAR REVIEW:

The ordinal numbers:

דער ערשטער, דער צווייטער, דער דריטער, דער פערטער, דער פינפטער, דער זעקסטער, דער זיבעטער, דער אכטער, דער ניינטער דער צענטער.

IV. SAYINGS:

"He shivers like a fish in water"
ער ציטערט ווי א פיש אין וואסער.

V. SONG:
Music: יוסף טשערניאווסקי Words: נחום יוד

| | |
|---|---|
| Listen to a story, children | הערט א מעשה, קינדערלעך, |
| listen with nose and eyes, | הערט מיט נאז און אויגן, |
| Over grandmother Yakhne's roof | איבער באבע יאכנעס דאך |
| A cow flew. | איז א קו געפלויגן. |
| | |
| This is true, this is true | דאס איז אמת, דאס איז אמת, |
| This is true, it all happened | דאס איז אמת, אלץ געווען, |
| This is true, this is true | דאס איז אמת, דאס איז אמת |
| I have seen it myself. | איך האב דאס אליין געזען. |
| | |
| Summer evening, in the morning | זומער אוונט אין דער פרי |
| Snow fell | איז א שניי געגאנגען |
| And on a burned straw | און אויף א געברענטן שטרוי |
| A bear was hanging | איז א בער געהאנגען |
| | |
| This is true. | דאס איז אמת... |

EXERCISES TO IESSON VIII:

1. Give the contraction with the following prepositions. (If it cannot be contracted, indicate):

   דורך דער גאָס, מיט דעם חסיד, אונטער דעם בעט, פֿון דעם מאַן,
   פֿון דער פֿרוי, אויף דעם הויז.

2. Fill in the correct ending of the adjectives:

   דאָס הויכ__ הויז, דער גרינ__ בוים, דאָס קליינ__ וועלדל,
   די גרויס__ בעטן, דער איינגעשפּאַרט__ ליטוואַק, די קראַנק__ פֿרוי.

3. Explain the last words of the story. What message is Peretz giving his readers? How does this philosophy agree with the accusation made against him that he was a Socialist?

4. What does Peretz think of the Litvak? of the Chasidim? of the Nemirover Rebe?

5. What is the lesson in בטחון (trust) which the Rebe gives to the sick woman?

6. Comment on the Mishna in Tractate Sanhedrin (37a) in the light of this story: "He who saves one life has saved the whole world."

7. Answer in Yiddish:

   1. פֿון וועלכער שטאָט איז געווען דער רבי?
   2. וואָס האָבן די חסידים געזאָגט?
   3. ווו האָט זיך דער ליטוואַק באַהאַלטן?
   4. וואָס נעמט דער רבי אַרויס פֿון קליידער אַלמער?
   5. וואָס איז געווען אין פּעקל?
   6. וואָס נעמט דער רבי אַרויס פֿון אונטער אַ בעט אין קיך?
   7. וואָס טוט דער רבי אין וועלדל?
   8. ווער וווינט אין דעם אָרעמען הײַזל?
   9. וואָס ענטפֿערט דער רבי ווען די קראַנקע פֿרוי זאָגט אַז זי האָט נישט קיין געלט?
   10. וואָס ענטפֿערט דער ליטוואַק דערנאָך ווען מען זאָגט אַז דער רבי איז אין הימל?

LESSON IX

The two selections in this lesson "The Outcast" and "The Three Seamstresses" show Peretz's attitude to women. In "The Outcast," there is a strong protest that the religious girls receive only a secular but not a religious education. This lack of knowledge separates them from their own people and brings about intermarriage. Only by making the Jewish girl part of the Jewish struggle and showing her the beauty of her heritage can the Jewish woman be saved for her people. This view of Peretz was probably strengthened by the bad experience he had when he was married to a woman who had only secualr education and looked down on his writing.

It is significant that Peretz chooses the holiday "Shevuoth" for the day on which the heroine leaves home. It is this holiday on which the Jews received the Torah, but only the male is commanded to study. The woman, according to Peretz, is relegated to the kitchen to bake the butter cookies.

This is what Peretz says consciously. Yet subconsciously the lasting impression which this story leaves with the reader is not the voice of his father studying the Torah but the odor of the baking of cookies by the mother which permeates the whole story.

We know that Peretz's father was not too successful in his business and that his mother had to carry most of the burden of helping to support the family. It might be this trauma which makes Peretz the champion of the downtrodden female worker, the seamstress. The seamstress is described in the poem "The Three Seamstresses." It also shows what difficulty a poor girl encountered in finding a husband if she did not have a dowry.

This same criticism is expressed in the poem in Lesson X which bears the title "While Sewing a Strange Wedding Dress." Even though the poem itself has nothing to do with the wedding dress, it is a real socialist poem which blames all the troubles in the world on the capitalistic system and the desire for money.

פּלוצלינג ערבֿ שבֿועות* באַווײַזט זיך די זון.
-טובֿה איז ליכט! האָט דער טאַטע געזאָגט.
"געלע חלה וועל איך אײַך באַקן, לכּבֿוד דעם הייליקן יום טובֿ" זאָגט די מאַמע.
און באַלד האָט דער געשמאַק פֿון פֿריש טייג, סאַפֿראַן, קעז און צעלאָזטער פּוטער פֿאַרפֿולט די שטוב.
מײַן ייִנגערע שוועסטער חנה האָט געשוויגן, זי זיצט בײַם פֿענצטער איבער אַ ראָמאַן, זי לייענט אָבער נישט און קוקט אומרויִק אין גאַס אַרײַן.
די מאַמע רופֿט זי עטליכע מאָל צו הילף, זי ענטפֿערט נישט. זי שווײַגט.
פֿוילע זאַך! - זאָגט די מאַמע, ביכער - ביכער! וואָס ווייס זי פֿון אַ יום טובֿ!
דער טאַטע מישט זיך נישט.** אין שטוב זאַכן מישט ער זיך קיינמאָל נישט אַרײַן...ער האָט זיך פֿאַרן באַד צוגעלייגט שלאָפֿן. מען וועט דאָך אויפֿזײַן בײַ נאַכט.***

----------

-אַ שרעקלעכע שבֿועות נאַכט...
חנה מײַן שוועסטער איז אַוועק...
איך מיטן טאַטן זײַנען געגאַנגען דאַווענען, די מאַמע האָט זיך פֿאַר ליכטבענטשן צוגעלייגט...איינגעדרימלט.
אין דרימל האָט זי עפּעס אַ פֿײַף געהערט-
און דאָס איז פֿאַר דער שוועסטער חנה אַ צייכן געווען - זי איז אַוועק! צו אונדזער פֿײַנד אַוועק...
און אויסגעקליבן האָט זי שבֿועות, זמן מתּן תּורתנו...

----------

אַלץ גייט פֿאַרבײַ...
אַלץ וואָס מיר האָבן דורכגעלעבט בלײַבט ליגן הינטער אונדז ווי שטיינער אויפֿן איבערגעגאַנגענעם וועג...
אָבער חנהן קען איך נישט פֿאַרגעסן...

----------

דאָס לעבן, צו וועלכן זי איז געלאָפֿן, האָט זי צוריק געשטויסן. דאָס געהאַפֿטע גליק האָט פֿאַרבליט. פֿון די אויסגעחלומטע בלומען זענען ברענענדיקע דערנער געוואָרן.
צוריקקומען האָט זי נישט געקענט...
אויפֿן וועג איז געשטאַנען דאָס געזעץ**** ווי אויך צוויי קבֿרים...
דעם טאַטנס און דער מאַמעס קבֿר.*****

---

*שבֿועות- "Shvuoth" a holiday on which the Torah was given on Mt. Sinai. On this holiday the Jews eat dairy (butter cookies) because after they accepted the Toray, they could only kill animals according to ritual slaughter.
**The education of girls was usually left in the hands of the mother.
***The males usually stay up a whole night and learn Torah.
****The law of the land forbade converts to Christianity to become Jews again. Jewish law takes allconverts back because once a Jew, always a Jew. It does not recognize their conversion.
*****The parents died of grief that the daughter married out of her faith.

ווּ איז זי?
יעדן שבֿועות אָוונט באַווײַזט זי זיך מיר...
זי באַווײַזט זיך אין גאַס, שטעלט זיך בײַם פֿענצטער...זי האָט מוֹרא
אין אַ ייִדישער שטוב אַרײַנצוקומען.
מיט ווײַט אויפֿגעריסענע אויגן קוקט זי דורכן פֿענצטער אין שטוב
אַרײַן און זעט מיך איינעם אַליין...
זי דערזעט מיך און קוקט אויף מיר מיט שרעק איך פֿאַרשטיי זי:
-ווּ זענען זיי? פֿרעגט זי מיט שרעק.
-פֿאַרצייעט! איז איר געבעט.
-און שולדיק - זאָגט זי צאָרניק- זײַט איר!
-וואָס האָב איך געווּסט פֿון אײַער בלוטיקן קאַמף מיט יענע?
-דו האָסט עס געווּסט אין חדר געלערנט. מײַנע ביכער האָבן מיר
דערפֿון קיין וואָרט נישט געזאָגט...
-בײַ אײַך אין שטוב האָב איך אַ פֿרעמד לעבן געלעבט, אַ לעבן פֿון
ביכער אַרויס...
-און עס איז נאָר אַ חלום געווען. איך האָב געליטן! אָבער אײַך האָב
איך נישט פֿאַרראַטן, איך האָב אײַך נישט געקענט, פֿון אײַערע
שמערצן נישט געווּסט, איר האָט מיר פֿון זיך קיין וואָרט נישט
דערציילט...צו אײַערע סודות נישט צוגעלאָזט...
פֿאַרוואָס האָט איר מיר פֿון אײַער ליבע נישט דערציילט?-
פֿאַרוואָס האָט איר מיט מיר פֿון אײַער שיינקייט, פֿון אײַער
אייביקער בלוטיקער שיינקייט נישט גערעדט?
דאָס שיינע, דאָס ליבע, דאָס הויכע, האָט איר אין זיך פֿאַרשלאָסן,
פֿאַר אײַך מענער באַהאַלטן...
פֿון מיר, פֿון אונדז האָט איר פֿאַרלאַנגט - פּוסטער געבעק, געלע
חלה מיט סאַפֿראַן!
-אונדז האָט איר פֿאַרשטויסן.
אזוי בייזערט זי זיך.

----------

זאָל זי משפּטן דער וואָס איז איבער די פֿעלקער און זייערע פֿאַר-
וויקעלטע, בלוטיקע שטרייטן.

---

דרײַ נייטאָרין
(פֿון י.ל. פּרץ)

די אויגן רויט, די ליפּן בלאָ,
קיין טראָפּן בלוט אין באַק נישטאָ,
דער שטערן בלאַס, באַדעקט מיט שווייס!
דער אָטעם אָפּגעהאַקט און הייס--
עס זיצן דרײַ מיידלעך און נייען.
.....................................
די נאָדל בלאַנק, די לײַוונט שניי
און איינע טראַכט איך זיץ און ניי.
איך ניי בײַ טאָג, איך ניי בײַ נאַכט,
קיין חופּה קלייד זיך נישט געמאַכט!
וואָס קומט אַרויס, איך ניי?

נישט איך שלאָף און נישט איך עס...
איך וואָלט געגאַנגען אויף מאיר בעל נס*
אפשר וואָלט ער זיך געמיט:
אַן אַלמן כאָטש, אַן אַלטן ייִד.
מיט קינדער אַ שאָק!

.............................................

די צווייטע טראַכט, איך ניי און שטעפּ,
און שטעפּ מיר אויס גאָר גראָע צעפּ!**
דער קאָפּ דער ברענט, די שלייף – זי האַקט,
און די מאַשין – קלאַפּט צו צום טאַקט:
טאַ טאַ, טאַ טאַ, טאַ טאַ!

.............................................

די דריטע שפּײַט מיט בלוט*** און זינגט:
איך ניי מיך קראַנק, איך ניי מיך בלינד
עס צוויקט די ברוסט בײַ יעדן שטאָך...
און ער האָט חתונה די וואָך!
איך ווינטש אים נישט קיין שלעכטס!

---

* מאיר בעל נס - Rabbi Me'ir who performed miracles. The girls would pray at his grave to find a husband. The grave is in Israel.

** גראָע צעפּ - implied that the hair of the girl would turn gray before she got married.

*** A sign of tuberculosis.

VOCABULARY:

| | | | |
|---|---|---|---|
| holy | הייליק | The Outcast (fem) | (די) פֿאַרשטויסענע |
| the holiday (YONTEV) | יום טוב | the month of May | (דער) מײַ |
| odor, taste, aroma | (דער) געשמאַק | rain | (דער) רעגן |
| dough | (דער) טייג | the cold | (די) קעלט |
| safran (a spice) | סאַפֿראַן | suddenly | פּלוצלינג |
| melted | צעלאָזן | the evening before Shevuoth (EREV SHVU'ES) | ערב שבֿועות |
| fill up | פֿאַרפֿולן | sun | (די) זון |
| Hanna (KHANE) | חנה | the Torah (Five books of Moses) (TOYRE) | (די) תּורה |
| be silent | שווײַגן (געשוויגן) | twists (KHALE) (KHALES) | (די) חלה (חלות) |
| novel | (דער) ראָמאַן | bake | באַקן |
| call | רופֿן | in honor of (LEKOVED) | לכּבֿוד |
| several | עטליכע | | |
| (to) help | (צו)הילף | | |
| lazy | פֿויל | | |

grave (KEYVER) (KVORIM) — (דאָס) קבֿר (קבֿרים)

to be afraid (MOYRE HOBN) — מורא האָבן

with wide open eyes — מיט ווײַט אויפֿגעריסענע אויגן

one alone — איינעם אַליין

understand — פֿאַרשטיין (פֿאַרשטאַנען)

forgive (German) — פֿאַרצײַעס

prayer — (דאָס) געבעט

guilty — שולדיק

angrily — צאָרניק

bloody — בלוטיק

the struggle — (דער) קאַמף

those (all enemies of Jews) — יענע

about this — דערפֿון

word — (דאָס) וואָרט (ווערטער)

dream (KHOLEM) — (דער) חלום

suffer — לײַדן (געליטן)

betray — פֿאַרראַטן

pain — (דער) שמערץ (שמערצן)

about yourself — פֿון זיך

secret (SOD) (SOYDES) — (דער) סוד (סודות)

admit (Make part of) — צולאָזן

why? — פֿאַרוואָס?

beauty — (די) שיינקייט

eternal — אייביק

lofty — (דאָס) הויכע

lock up — פֿאַרשליסן (פֿאַרשלאָסן)

man — (דער) מאַן (מענער)

keep (kept) — באַהאַלטן

demand — פֿאַרלאַנגען

matters concerning the house — שטוב זאַכן

mix in — זיך מישן

before the — פֿאַרן

bath — (דאָס) באָד

lie down — זיך צולייגן

be up — אויף זײַן

terrible — שרעקלעך

(ran) away — אַוועק

candle lighting — ליכט בענטשן

fall asleep — איינדרימלען (איינגעדרימלט)

light sleep — (דער) דרימל

the whistle — (דער) פֿײַף

signal — (דער) צייכן

enemy (German) — (דער) פֿײַנד

time of giving our Torah (ZMAN MATEN TOYROSEYNU) — זמן מתּן תּורתנו

everything — אַלץ

pass by — פֿאַרבײַגיין

live through — דורכלעבן

stone — (דער) שטיין (שטיינער)

trodden — איבערגעגאַנגען

life — (דאָס) לעבן

push back — צוריקשטויסן

the hoped for — (דאָס) געהאָפֿטע

happiness — גליק

fade — פֿאַרבליִען (פֿאַרבליט)

dreamed of (OYSGEKHOLEMT) — אויסגעחלומט

flower — (די) בלום (בלומען)

thorn — (דער) דאָרן (דערנער)

law — (דאָס) געזעץ

| | |
|---|---|
| (during) the night | (בײַ) נאַכט |
| wedding dress (KHUPE KLEYD) | (דאָס) חופּה קלייד |
| what will be the result? | וואָס קומט אַרויס? |
| try (intercede) | מיִען (געמיט) |
| he would intercede | ער וואָלט זיך געמיט |
| widower (AIMEN) | (דער) אַלמן |
| at least | כאָטש |
| a large amount (60) | *אַ שאָק |
| stitch | שטעפּן |
| braid | (דער) צאָפּ (צעפּ) |
| gray | גראָ (גרוי) |
| temple | (די) שלייף |
| beat | האַקן |
| machine | (די) מאַשין |
| with a beat | צום טאַקט |
| spit | שפּײַען |
| think | זינען |
| blind | בלינד |
| pinch | צוויקן |
| chest (breast) | (די) ברוסט |
| the stitch | (דער) שטאָך |
| get married | חתונה האָבן |
| week | (די) וואָך |
| wish | ווינטשן |

| | |
|---|---|
| butter cookies | פּוטער געבעק |
| cast out | פֿאַרשטויסן |
| become angry | זיך בייזערן |
| let Him judge her (MISHPOTN) | (זאָל זי) משפּטן |
| above | איבער |
| involved | פֿאַרוויקלט |
| (the) struggle | (דער) שטרייט (שטרייטן) |

---

| | |
|---|---|
| seamstress(es) | (די) נייטאָרין |
| red | רויט |
| lips | די ליפּן |
| blue | בלאָ (בלוי) |
| the drop | (דער) טראָפּן |
| blood | (דאָס) בלוט |
| cheek | (די) באַק (באַקן) |
| not here | נישט דאָ=נישטאָ |
| forehead | (דער) שטערן |
| covered | באַדעקט |
| breath | (דער) אָטעם |
| chopped | אָפּגעהאַקט |
| hot | הייס |
| girl | (דאָס) מיידל |
| sew | נייען |
| shiny | בלאַנק |
| linen | (די) לײַוונט |
| snow | (דער) שניי |
| (during) the day | (בײַ) טאָג |

---

*A middle high German word indicating 60 sheaves of wheat.

GRAMMAR:

Comparison of adjectives:
The first stage of the adjective is called positive.
The second comparative and the third superlative:

Positive: nice ליב
Comparative: nicer ליבער
Superlative: nicest ליבסט

The <u>positive</u> in Yiddish is the base form of the adjective. It has no ending except the ending of any other adjective; the <u>comparative</u> adds ער and the <u>superlative</u> adds the ending סט or עסט.

Some adjectives change the stem vowel in the comparative and superlative:

1) ו changes to י — יונג, יִנגער, יִנגסט
2) <u>א</u> changes to ע — אַלט, עלטער, עלטסט
3) וי changes to ע — הויך, העכער, העכסט
4) יי changes to ע — שיין, שענער, שענסט

GRAMMAR REVIEW:

1. Conjugate:

איך דערצייל, איך האָב געוואוסט, איך וועל שוויַיגן

2. Conjugate the reflexive verb: איך מיש זיך

IDIOMATIC EXPRESSION:

| | | | |
|---|---|---|---|
| I am afraid | איך האָב מוֹרָא | we are afraid | מיר האָבן מוֹרָא |
| you are afraid | דו האָסט מוֹרָא | you are afraid | איר האָט מוֹרָא |
| he is afraid | ער האָט מוֹרָא | they are afraid | זיי האָבן מוֹרָא |
| she is afraid | זי האָט מוֹרָא | | |

to get married חתונה האָבן*

| | |
|---|---|
| I am getting married | איך האָב חתונה |
| you are getting married | דו האָסט חתונה |
| he is getting married | ער האָט חתונה |
| she is getting married | זי האָט חתונה |
| we are getting married | מיר האָבן חתונה |
| you are getting married | איר האָט חתונה |
| they are getting married | זיי האָבן חתונה |

SONG:

| | |
|---|---|
| listen (only) you beautiful girl | הער נאָר דו שיין מיידעלע |
| listen (only) you nice girl | הער נאָר דו פֿיַין מיידעלע |
| What are you going to do | וואָס וועסטו טאָן |
| in such a far away land? | אין אַזאַ וויַיטן לאַנד (2) |
| I will go into all the streets | איך וועל גיין אין אַלע גאַסן |
| I will cry: (I) wash laundry | איך וועל שריַיען וועש צו וואַשן |
| As long as I am together with you | אַבי מיט דיר צוזאַמען זיַין (2) |

---

*But איך האָב אַ חתונה I have a wedding.

| | |
|---|---|
| Iisten (only) you beautiful girl | הער נאָר דו שיין מיידעלע |
| Iisten (only) you nice girl | הער נאָר דו פֿײַן מיידעלע |
| What are you going to do | וואָס וועסטו טאָן |
| in such a far away land? | אין אַזאַ ווײַטן לאַנד (2) |
| I will eat dry bread | איך וועל עסן טרוקן ברויט |
| I will suffer hunger and pain | איך וועל לײַדן הונגער נויט |
| As long as I am together with you | אַבי מיט דיר צוזאַמען זײַן (2) |

EXERCISES TO IESSON IX:

1. Explain the sentence in <u>Proverbs</u> (Proberbs VI, 23): Torah is light.
2. Explain: "דער טאַטע מישט זיך נישט"
3. Explain the title of the story.
4. Discuss חנה׳ס accusation. Why does she use so many German words?
5. Why did חנה come back?
6. Explain the post script of the author. Is Peretz willing to judge her?
7. Answer in Yiddish:
   ווען איז חנה אַנטלאָפֿן? וואָס האָט די מאַמע געהערט אין דרימל? ווער דערציילט די מעשׂה? פֿאַרוואָס האָט חנה נישט געקענט צוריק־קומען? ווען באַשולדיקט (accuses) חנה?
8. Tell the story in Yiddish in your own words.
9. Give a general description of the seamstresses.
10. Why is the first seamstress so bitter? Whom is she willing to marry?
11. Explain: איך וואָלט געגאַנגען אויף מאיר בעל נס.
12. Explain: איך שטעפּ מיר אויס גאָר גראָע צעפּ.
13. Read these Hebrew words:
   ערבֿ שבֿועות, תּורה, חלה, לכּבֿוד, חנה, יום טובֿ, סודות, חדר, חלום, זמן תּורתנו, קבֿרים, קבֿר, איך האָב מורא, דאָס חופּה קלייד קשפּטן, אלמן.

While sewing a strange wedding dress, the seamstress tells a story which her grandmother told her happened on the other side of the ocean:

בײַ אַ פֿרעמדן חופּה קלייד*
(פֿון י.ל. פּרץ)

די ערשטע מאָדיסטקע:
אַמאָל איז געווען, נאָר ווו? קען בסתּם,
דאָרטן ערגעץ אין בריבערג, אויף יענער זײַט ים!
נאָר — צי איז געווען? איר פֿרעגט נאָך, איר קלערט?
איך האָב עס אַליין פֿון מײַן באָבען געהערט!
די מאַמע — געשטאָרבן, דער טאַטע — אַוועק,
די טרויריקע ווינטער־נאַכט האָט גאָר קיין עק!
די פֿענצטער פֿאַרשמידט, די טיר איז פֿאַרשנייט,
און ס'רײַסט** זיך דער ווינט, ווי אַ הונט אויף דער קייט!
הוררורו — הוררורו — וואָיעט און קלאָגט,
דאָס האַרץ איז דערשראָקן, עס ציטערט, עס נאָגט...
"באָבע!" זי הערט נישט, נאָר "דיאַם־דיאַם־דיאַם"
די טריבע פֿאַרציילט פֿון יענער זײַט ים.
אַלע:
גענוג שוין הקדמות
נישט פּלוידער, נישט קווייל,
פֿאַרגעס אין דער באָבען,
די מעשׂה דערצייל!
די ערשטע מאָדיסטקע:
אויף יענער זײַט ים איז געשטאַנען אַמאָל,
אויף הינערגע פֿיסלעך אַ הײַזל אין טאָל,
געשטאַנען זיך איינזאַם, אָן עזוז, אָן שטאָלץ,
אָן פּוצאכץ, אָן צירונג, — פֿון לייט און פֿון האָלץ!
אַ פֿענצטער — אַ פּיצעלס, נאָר חנעוודיק האָלד!
די זון, זי באַשײַנט עס טאָג־טעגלעך מיט גאָלד!
לבֿנה און שטערן
פֿאַרהאַלטן זיך גערן
און מאָלן מיט זילבער די שויבן,
דאָס האָט דער הימל די ליבע באַלוינט:
עס האָבן אין הײַזל צוויי ברידער געוווינט!
עס האַלטן צוויי הערצער צוזאַמען געטרײַ.
שווער איז די אַרבעט, נאָר ס'אַרבעט*** זיך פֿרײַ!
ווײַס איז דאָס מעבל, מיט קלײַען דאָס ברויט,
נאָר אַלץ איז צוזאַמען — די פֿרייד און די נויט!
עס האָט זיך געלעבט,
די צײַט האָט געוועבט
איר לאַנגען, איר פּשוטן פֿאָדים!

---

*The title is really "בײַ דער פֿרעמדער חופּה קלייד" (wrong grammar).

** ס'רײַסט = עס רײַסט

*** ס'אַרבעט = עס אַרבעט

נאָר איינמאָל באַווײַזט זיך אַ גאַסט אויף דער שוועל
פֿון גינגאָלד, סמאַראַגדן, עס פֿינקלט זײַן פֿעל!
די שלאַנג איז געקומען מיט גלאַנץ און מיט פּראַכט!
דער עלטערער ברודער דערזעט זי און טראַכט:
עס איז אויף דער וועלט דאָך רײַכטום פֿאַראַן!
ווען איך האָב אַ סמאַראַגד, איך, אָרימער מאַן,
כ׳פֿאַרקויף* אים, וואָס** ניט?
כ׳וואָלט אויפֿן זְריד
געקויפֿט מיר צו מעלקן אַ קו!

די שלאַנגען זיי ווייסן, וואָס ס׳טראַכט זיך בײַ לײַט:
זי ווינקט אים און רופֿט אים אַוועק אין אַ זײַט
און זאָגט אים: "אײַ, ברודער, וואָלסטו נאָר געוואָלט,
שיטסטו דיר אָן פֿעסער פֿון גאָלד,
קרעלן, דיאַמאַנטן, בריליאַנטן אַ וועלט
און אַלץ, וואָס מען קען נאָר באַקומען פֿאַר געלט!"
איך מאַך נישט קיין שפּאָס:
פֿאַראַן אַזאַ סוד,
איך קאָן*** אים דיר זאָגן אין וואַלד!

די שלאַנג איז אַוועק, און דער ייִנגערער קלערט:
ווי גאָט האָט זיך יעדן זײַן שיינקייט באַשערט,
גיי פֿרעג׳ן**** דער גלאַנץ און די שיינקייט וואָס טויג?
די ליידנשאַפֿט פֿלאַמט שוין אין עלטערנס אויג:
קרעלן, דיאַמאַנטן, בריליאַנטן - אַ גאָט!
זי זאָל נאָר נישט נאַרן און זאָגן דעם סוד!
קוקט ער צום וואַלד,
און גנבֿעט זיך באַלד
פֿון ברודער אַרויס צו דער שלאַנג!

די זון גייט שוין אונטער, פֿאַרגאָלדט נאָך די זוים
פֿון וואָלקן אין הימל, און אונטער אַ בוים
זיצן שוין ביידע-דער מענטש און די שלאַנג
זיי זיצן צוזאַמען און שמועסן שוין לאַנג.
ער ציטערט, און ווייס נישט-פֿאַר פֿרייד צו פֿאַר שרעק?
זי וויקלט דאָס האַרץ אים אַרום מיטן עק
און רעדט פֿון דיאַמאַנטן,
קלערן, בריליאַנטן:
"אַלץ וועסטו האָבן גאָר גרינג!"
"באַטראַכט נאָר דײַן ברודער: "דאָס***** איז אַ פֿאַבריק
פֿון קרעלן, בריליאַנטן, דיאַמאַנטן און גליק!
עס טרעפֿט זיך ער אַרבעט, און וווּנדערלעך הייס
ווערט אים, דער שטערן באַדעקט זיך מיט שווייס,
עס טריפֿן די טראָפּן!.. ער ווישט מיט דער האַנט,
לאָז נישט! דער טראָפּן דאָס איז אַ בריליאַנט!

---

*כ׳פֿאַרקויף = איך פֿאַרקויף
**וואָס = פֿאַרוואָס
***קאָן = קען
****פֿרעג׳ן = פֿרעג אים
*****דאָס = translate as "he"

נאָר אַרבעטן הייס!
קלויב אויף דעם שווייס,
שיטסטו אַן פֿעסער דיאַמאַנטן!"

עס טרעפֿט, און אים פֿאַלט פֿון די ברעמען אַ טרער,
מיינסטו, דו נאַר, עס איז וואַסער נישט מער,
און טרייסט׳ן און האַלדזט׳ן דו האַלטסט עס נישט אויס,
און קושסט אים די טרערן פֿון די אויג׳ן* אַרויס!
פֿארשווענדסט דײַן פֿאַרמעגן, דו, נאַרישער קאָפּ!
לאָז וויינען, לאָז טריפֿן! און קלויב יעדן טראָפּ!
אַ טרער, האָב פֿאַרשטאַנד,
דאָס איז אַ בריליאַנט,-
רײַך וועסטו זײַן ווי אַ קיניג!

"דערנאָך-האָט דײַן ברודער אַן איידעלע פֿעל,
אַ שטאָך מיט אַ נאָדל-דו האָסט שוין אַ קרעל!
בלוט-זאָגסטו-איז עס, בלוט-זאָגסטו- אַ קאָפּ?
דו נאַר! עס איז קרעלן, דו צאָפּ נאָר און צאַפּ!
זאָל ער נאָר בלוטן און בלוטן נישט קאַרג!
אָנשיטן וועסטו שוין קרעלן אַ באַרג!
דו האָסט אַ פֿאַרבריק,
און מאַך דיר דײַן גליק,
ביסט** שטאַרקער און ווייסט שוין דעם סוד!

די ליפּן פֿאַרביסן, די פֿויסטן געבאַלט,
גייט שוין דער עלטערער ברודער פֿון וואַלד,
די אויגן זיי ברענען און זוימען זיך שוואַרץ,
דאָך צאַפּלט די ליבע צום ברודער אין האַרץ,
ער טרייסט זיך: "איך וועל דאָך נאָר מאַכן אַ פרהוו
אַ שטאָך וועל איך געבן אַ קליינעם, נישט טיף,
מײַן ברודער? איך ווייס!
נאָר טרערן און שווייס
זײַנען בריליאַנטן, בריליאַנטן!"

עס הערט די לְבָנָה*** נאָך ד׳אייגענע נאַכט,
ווי ס׳האָט אינ׳ס שטיבל געוויינט און געלאַכט,
עס קוקן די שטערן**** אין פֿענצטער אַרײַן:
ווי לאַכט עס אַ ברודער בײַם ברודערס געוויין?
די זון האָט צומאָרגנס געוווּנדערט זיך שטאַרק,
ווי שלאָגט עס אַ ברודער דעם צווייטן אין קאַרק?
עס וווּנדערט זוגלייך
דעם וואַלד און דעם טייך:
וואָס איז עס אין שטיבל געשען?

---

*ד׳אויגן = די אויגן
**ביסט = דו ביסט
***עס הערט די לְבָנָה = די לְבָנָה הערט
****עס קוקן די שטערן = די שטערן קוקן

און עס איז געקומען אויף בײדע גאָסט שטראָף!
דאָס גליק איז פֿאַרשװוּנדן, עס װײכט זײ דער שלאָף,
אַװעק איז די ליבע, דער פֿרידן אַװעק!-
דער שלאָפֿט ניט פֿאַר װײטיק, דער צװײטער - פֿאַר שרעק,
דער שרײַט: ס'איז מײַן עשירות, מײַן רײַכטום, מײַן גוט:
און יענער: ס'איז טרערן, מײַן שװײס און מײַן בלוט!
דיאַס, דיאַס, דיאַס!
אויף יענער זײַט ים
רײַסט מען זיך שוין בײַ די האָר!

VOCABULARY:

| | |
|---|---|
| decoration | פוצאַכץ |
| jewels | (די) צירונג |
| clay | (דער) ליים |
| a tiny one | (אַ) פּיצעלס |
| charming (KHEYNEVDIK) | חנעװדיק |
| lovely | האָלד |
| shine on | באַשײַנען |
| daily | טאָג-טעגלעך |
| the moon (LEVONE) | (די) לְבָנָה |
| stars | שטערן |
| remain | זיך פֿאַרהאַלטן |
| gladly | גערן |
| paint | מאָלן |
| silver | זילבער |
| window panes | די שױבן |
| love | (די) ליבע |
| reward | באַלױנען |
| hold together | צוזאַמען האַלטן |
| heart | האַרץ (הערצער) |
| devoted | געטרײַ |
| furniture | *דאָס מעבל |
| bran | קלײַע |
| joy | (די) פֿרייד |
| need, sorrow | (די) נויט |
| seamstress | (די) מאָדיסטעק |
| probably (MISTAME) | מִן הַסְּתָם |
| | בױבערג = בױבעריק |
| ocean (YAM) | (דער) ים |
| whether it was | צי איז געװען |
| no end | קײן עק |
| tightly locked | פֿאַרשמידט |
| snowed in | פֿאַרשנײט |
| pull oneself | זיך רײַסן |
| chain | (די) קײט |
| shiver | ציטערן |
| gnaw | נאָגן |
| (the) deaf one | (די) טױבע |
| tells | פֿאַרצײלט |
| introduction (HAKDOME) (HAKDOMES) | הַקְדָמָה (הַקְדָמוֹת) |
| to ramble on | פּלױדערן |
| to torture | קװײלן |
| chicken feet | הינערנע פֿיסלעך |
| valley | (דאָס) טאָל |
| it stood | געשטאַנען |
| simple | אײנפֿאַך |
| pride (AZUZ) | עזוז |
| arrogance | (דער) שטאָלץ |

---

*Based on the French word "meuble" furniture. Most concepts connected with fashion in Yiddish have French origin.

| | |
|---|---|
| very easily | גאָר גרינג |
| observe | באַטראַכטן |
| factory | (די) פֿאַבריק |
| it happens | עס טרעפֿט זיך |
| strangely | וווּנדערלעך |
| drip | טריפֿן |
| collect | קלויב אויף |
| brows | די ברעמען |
| you console him | דו טרייסט'ן = דו טרייסט אים |
| you embrace him | דו האַלדזט'ן = דו האַלדזט אים |
| you cant stand it | (אויסהאַלטן) דו האַלטסט עס נישט אויס |
| squander | פֿאַרשווענדען |
| riches (property) | (דאָס) פֿאַרמעגן |
| fool | נאַרישער קאָפּ |
| understand | האָב פֿאַרשטאַנד |
| king | (דער) קיניג |
| gentle (noble) | איידל |
| the skin | דאָס פֿעל |
| a prick | אַ שטאָך |
| a little | אַ קאַפּ |
| tap (a barrel) | צאַפּן |
| little (stingy) | קאַרג |
| mountain | (דער) באַרג (בערג) |
| clench (biting on one's teeth) | פֿאַרביסן |
| fist | (די) פֿויסט (פֿויסטן) |
| clenched | געבאַלט |
| bordered (edged) | זיך זוימען |
| black | שוואַרץ |
| struggle | צאַפּלען |
| to console oneself | זיך טרייסטן |
| (the) test | (דער) פּרוּוו |

| | |
|---|---|
| they lived | עס האט זיך געלעבט |
| weave | וועבן |
| guest | (דער) גאַסט (געסט) |
| threshhold | (די) שוועל |
| full of | פֿול |
| pure gold | גינגאָלד |
| emerald | סמאַראַגד |
| skin | (דאָס) פֿעל |
| snake | (די) שלאַנג (שלאַנגען) |
| with lustre | (מיט) גלאַנץ |
| with splendor | (מיט) פּראַכט |
| there exists | עס איז פֿאַראַן |
| I would | איך וואָלט |
| the fair (YERID) | (דער) יריד |
| they think | עס טראַכט זיך |
| among people | בײַ לײַט |
| it only you wanted | וואָלסטו נאָר געוואָלט |
| fill up | אָנשיטן |
| barrel | (דאָס) פֿאַס (פֿעסער) |
| corals | קרעלן |
| diamonds | דיאַמאַנטן |
| diamonds | בריליאַנטן |
| (the) joke | (דער) שפּאָס |
| grant (destine) | באַשערן |
| of what use | (וואָס) טויג |
| passion | (די) ליידנשאַפֿט |
| make golden | פֿאַרגאָלדן |
| border (hem) | (דער) זוים |
| clouds | די וואָלקן |
| chat | שמועסן |
| wrap | וויקלען |
| (the) tail | (דער) עק |

| | | | |
|---|---|---|---|
| sleep leaves them | עס ווייכט זיי דער שלאָף | deep | טיף |
| peace | (דער) פֿרידן | (the) weeping | (דער) געוויין |
| pain | (דער) ווייטיק | in the morning | צומאָרגנס |
| riches (ASHIRES) | עשירות | be surprised | זיך וווּנדערן |
| wealth | (דער) רייכטום | neck | (דער) קאַרק |
| possessions | (דאָס) גוט | at the same time | צוגלייך |
| hair | (די) האָר | disappear | פֿאַרשווינדען (פֿאַרשוווּנדן) |

## II. GRAMMAR:

1. Sentence structure with auxiliary verbs:

In a main clause which contains a past participle and an auxiliary verb (to have, to be) we put the auxiliary verb as the second element and the past participle at the end of the clause: f.e.

ער איז (auxiliary) צו דער אַרבעט געגאַנגען (past participle)

די באָבע האָט (auxiliary) מיר אַ מעשׂה פֿון אַ שלאַנג דערציילט (PP)

2. The Conditional:

The conditional expresses an unreal state: The Conditional Present has the following forms:

| | |
|---|---|
| I would eat | איך וואָלט עסן |
| you would eat | דו וואָלסט עסן |
| he would eat | ער וואָלט עסן |
| she would eat | זי וואָלט עסן |
| we would eat | מיר וואָלטן עסן |
| you (pl) would eat | איר וואָלט עסן |
| they would eat | זיי וואָלטן עסן |

The Conditional Past is formed with the past participle:

| | |
|---|---|
| I would have eaten | איך וואָלט געגעסן |
| you would have eaten | דו וואָלטסט געגעסן |
| he would have eaten | ער וואָלט געגעסן |
| she would have eaten | זי וואָלט געגעסן |
| we would have eaten | מיר וואָלטן געגעסן |
| you (pl) would have eaten | איר וואָלט געגעסן |
| they would have eaten | זיי וואָלטן געגעסן |

3. How to express amounts:

In English we say: "a glass of milk," "a pound of cake," "A loaf of bread." In Yiddish we omit "of" and say:

אַ גלאָז מילך, אַ פֿונט קוכן, אַ לייבל ברויט.

III. GRAMMAR REVIEW:

Conjugate: איך בין געשטאַנען, איך האָב געוווינט.

IV. IDIOMS AND SAYINGS:

| | |
|---|---|
| He (pulls) tries to get lose, like a dog on a chain. | ער רײַסט זיך ווי אַ הונט אויף דער קייט. |

V. SONG:

<u>Vilna Ghetto Song</u> ווילנער געטאָליד פֿון שמערקע קאַטשערגינסקי

| | |
|---|---|
| Our song is full of sadness | אונדזער ליד איז פֿול מיט טרויער |
| Daring is our "lively walk"* | דרײַסט איז אונדזער "מונטערגאַנג" * |
| Even though the enemy watches | כאָטש דער שׂונא וואַכט |
| at the gate | בײַן טויער |
| Youth storms with song: | שטורעמט יוגנט מיט געזאַנג |
| Because young is everyone | ווײַל יונג איז יעדער, |
| Everyone, everyone, who | יעדער, יעדער, ווער |
| Is "Vilna" (who wants)** | עס ווילנאָר (וויל נאָר) |
| Years have no meaning | יאָרן האָבן קיין באַטײַט |
| Old people can | אַלטע קענען, קענען, קענען, |
| also be children | אויך זײַן קינדער |
| Of a new, free time. | פֿון אַ נײַער, פֿרײַער צײַט. |
| We remember all the enemies | מיר געדענקען אַלע שׂונאים |
| We remember all the friends | מיר געדענקען אַלע פֿרײַנד |
| Eternally we will unite | אייביק וועלן מיר פֿאַרבינדען |
| Our yesterday with the today. | אונדזער נעכטן מיטן הײַנט. |
| Because young is... | ווײַל יונג איז... |

EXERCISES TO LESSON X:

1. Answer in Yiddish:

1. ווו איז געשטאַנען דאָס הײַזל?
2. ווער איז געקומען מיט גלאַנץ און מיט פּראַכט?
3. וואָס זאָגט די שלאַנג?
4. וואָס איז אַ טראָפּן שווייס?
5. וואָס איז אַ טרער?
6. וואָס איז אַ טראָפּן בלוט?
7. וואָס הערט די לבֿנה?

---

*The word we expect is אונטערגאַנג which means "destruction" by putting a מ in front of the word the author changed it into a word fraught with hope.
**A play on the words ווילנאָר "from the city of Vilna" and וויל נאָר "wants only."

2. Read the poem aloud, dividing the parts between the
ערשטע מאָדיסטקע as narrator, די שלאַנג and דער עלטערער ברודער
3. Tell the poem in simple words.
4. Peretz has some beautiful descriptions in the poem. Give the description of the little house in Yiddish; describe the snake.
5. Why does Peretz portray the snake as female?
6. Peretz is the master of the dialogue (Sholom Aleykhem is a master of the monologue cf. the speeches of Tevye). Read in Yiddish the most beautiful dialogue of the poem.
7. Explain these Hebrew words:

חגפּה, מן הסתם, דער ים, די מעשׂה־עזוז, די לבֿנה.

8. Fill in the blanks:

1. דער ווינט רײַסט זיך ווי אַ ______ אויף דער קייט.
2. דאָס הײַזל איז געווען פֿון ליים און פֿון ______.
3. אין הײַזל האָבן ______ ברידער געוווינט.
4. אַלץ איז צוזאַמען די פֿרייד און די ______.
5. די צײַט האָט געוועבט איר לאַנגען איר פֿשר׳ן ______.
6. די ______ איז געקומען מיט גלאַנץ און מיט פּראַכט.
7. איך וואָלט אויפֿ׳ן יריד געקויפֿט מיר צו מעלקן אַ ______.
8. ער גנבֿעט זיך באַלד פֿון ______ אַרויס צו דער ______.
9. רײַך׳וועסטו זײַן ווי אַ ______.
10. דײַן ברודער איז אַ ______ פֿון קרעלן און דיאַמאַנטן.

9. What is the meaning of the poem?

